


# שטערן

ליטעראַריש־
קינסטלערישער
און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש־
זשורנאַל

6

מינסק — 1939

## אינהאלט



---

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 6 — פופצנטער יאָרגאנג — יונ 1939

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר




ראָכל בוימוואָל

## פאָלינא אָסיפּענקאָ

דאָס, וואָס ס'האָבנ אָדלער באמ געבאָרנ ווערנ,
קריגט דער מענטש ערשט נאָכ א וועג א שווערנ.

האָבנ פליגל צוויי. צוויי וונדערלעכע פליגל
קאָנטיק, ס'איז דער טרוימ דיר נאָכגעגאנ פונ וויגל.

ליבע שוועסטער, טאָכטער פונ אוקראַינע!
טײַער האָבנ דיכ געקאָסט די פליגל דײַנע.

אָבער ביזט געפלויגנ. אונ נאָכ ווי געפלויגנ!
אינ דער ריינסטער הויכ געבאָדנ דײַנע אויגנ.

פונ די ווײַטע שטרעקעס, פונ די ווילדע ערטער
איז דײַנ בליק געוואָרנ טיפער אונ פארקלערטער.

אונ אקשאָנעס האָסטו אינ דײַנ בליק באקומענ,
אינ דײַנע אפלענ זײַנענ וועלטנ דורכגעשווומענ.

דײַנע וויִעס האָבנ ניט באשווערט קיינ טרערנ,
ביזט געפאלנ, ווי עס פאלט א שטערנ...

ס'וועט נאָכ דיר, פאָלינא אָסיפּענקאָ,
סײַ די ערד אונ סײַ דער הימל בענקענ.

ס'וועט געדענקענ דיכ דאָס לאנד דאָס גאנצע.
זאָל דער טרויער, ווי פונ שטאָל א פאנצער,

ענגער אונדז צונויפשמידנ צוזאמענ
אינ די הימלענ, אפ דער ערד אונ אינ די יאמענ





װען עס איז װעט מען דאָס װאָרט „פּילאָט" ניט ברױכן—
אַלע מענטשן װעלן פליִען אין די הױכן.

אין די שײנע פרילינג־אינדערפריִען,
נאָך די אופגאַנג־קװײטן װעט מען פליִען.

שטענדיק אין א מײַ־טאָג פול מיט שטראַלן
אפן לופט־באַצירק, װוּ בײַזט געפאַלן,

װעט דאָס גאַנצע לאַנד זיך אופהױבן אפ פליגל
צו באַערן דיך—דײַן שטאַרבן און דײַן זיגן.

## פרילינג-פאָרגעפילן

צי פריִער, צי שפּעטער,—
נאָר לױטער װעט װערן דער װעטער.
די זון װעט אַרױס, און עס װעלן צעגרינען די בלעטער.

צי פריִער, צי שפּעטער,—
ס'װעט שפּילן א שטראַל אפ מײַן טרעטער.
א פליג צװישן שױבן װעט זשומען.
דורך דער אָפענער פאָרטקע װעט קומען
דער רײַעך פון ערשטלינגען־בלומען.

צי פריִער, צי שפּעטער,—
פון דער ערד פון דער זאַטער און פעטער
װעלן זאַנגען א שפּראָץ טאָן געראָטן.
און דאָס גראָז, װאָס קײן סלאָ ט'ניט באַטראָטן,
און דער װײַנטרױב, װאָס װײס ניט פון שאָטן.

צי פריִער, צי שפּעטער,—
ס'װעט דאָס קינד, װאָס נאָך קױם, אַז עס קלעטערט,
אפ די פיסלעך מיט אימפּעט זיך שטעלן
און זיך כײַנעװדיק, זוניק צעקװעלן—
אונדזער װעלט װעט, װײַזט אױס, אים געפעלן.

* * *

ס'האָט א רעגנדל געטריפט,
א פאַרנעפּלטע לעװאָנע
האָט אין הימל זיך געשיפט.

טרעפן זיך מיט דיר האלב נײַען
האָבן מיר הײַנט אָפּגערעדט.
וועסט אין מאנטל זײַן אין נײַעם,
איך—אין ווײַסינקן בערעט.

איך וועל טראָגן מיט זיך בלומען,
זאָלסט פונוויַיטן זען, מײַן פרײַנט,
צי איך בין צו דיר געקומען
מיט א גוטער בשורע הײַנט.

ס'האָט א רעגנדל געטריפט,
א פארנעפּלטע לעוואָנע
האָט אין הימל זיך געשיפט.
אפן פושקין־פלאץ דעם העלן
האָב איך גלײַך געקויפט נארציסן—
ווײַסע בלעטלעך, קעפּלעך געלע—
אָטאָ ערשט אראָפּגעריסן.

כ'האָב דערזען די זעלבע רעגע—
מײַן טראמוויַי קומט אָן אנטקעגן.
האָב איך זיך ארײַנגעזעצט,
און באמערקט, אז ס'האָט דער רעגן
מיר מײַן קאָלנער אָנגענעצט,
און באמערקט, אז ס'האָט דער רעגן
די נארציסן מיר באשפריצט.
נאָר, אז ס'פאלן אָפּ די בלעטלעך,
דאָס האָב איך באמערקט ערשט איצט,
ווען אראָפּ שוין פון טראמוויַי כ'בין,
און די ווײַסע בלעטלעך בלײַבן
אָנגעשאָטן אפּ די טרעפּלעך.

כ'האלט אין האנט די געלע קעפּלעך...
וואָס וועסטו איצט נעמען קלערן?!
און איך פיל—מיך ווערגן טרערן...

ס'האָט א רעגנדל געטריפט,
א פארנעפּלטע לעוואָנע
האָט אין הימל זיך געשיפט.
אָט ווי איך האָב דיר געטראָפן:
כ'בין פונהינטן צוגעלאָפן,
שטיל די הענט כ'האָב אויסגעצויגן,

דיר פאַרשטעלט מיט זיי די אויגן.
האָסט געטראָפן, אַז ס׳איז איך,
מיך אַרומגענומען גיך,
שטאַרק אַזוי אַרומגענומען,
אַז האָסט פון די בידנע בלומען
אַלע קעפּלעך אָפּגעריסן.
אַך, איר אָרעמע נאַרציסן...

מיט די שטענגעלעך אין האַנט
האָבן מיר אין גאַס געשפּאַנט
דו—אין מאַנטל אין דעם נײַעם,
איך—אין װײַסינקן בערעט.
ס׳איז געװעזן פּונקט האַלב נײַען,
װי מיר האָבן אָפּגערעדט.

ש. כאַלאַדענקאָ

# צו פּילאָטן

ווּ מײַן ליבער זאָל ניט פליִען,
צי אין צאָפן, צי אין דאָרעם,
כ׳וועל ניט מיד אהין צו ציִען
מײַנע אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

כ׳וועל ניט מיד נאָך אים צו ווענדן
מײַנע בענקענדיקע אויגן,
ווען עס וואָלט אין מיר געווענדט זײַן,
כ׳וואָלט אנטקעגן אים געפלויגן.

שווער אזוי אפדר׳ערד מיר בלײַבן,
ס׳ציט אזוי מיך אין די הייכן,
וועל איך כאָטש א בריוו אים שרײַבן
אויב איך קאָן צו אים ניט גרייכן.

אָן פּאפּיר און אָן קאָנווערטן
שיק איך בריוו דורך ווינט און שנייען,
ניט צעשווענקען וועלן ווערטער
ניט די ווינטן זיי צעווייען.

טראָגן בריוו זיך אין דעם עטער
פאר דער גאנצער וועלט צעעפנט,
נאָר דעם סאָד אין מײַנע ווערטער
ער, נאָר ער, וועט קענען טרעפן.

* * *

ביסטו טאקע אָנגעקומען,
ניט געקומען צוגעפלויגן,
האָב איך דיך ארומגענומען,
לאנג געקוקט דיר אין די אויגן.

גלויב מיר, כ'קאָן זיך גאָר ניט גלויבן,
אז דו שטייסט אפ באָדן הארטן,
טאָג און נאכט געזוכט דיך אויבן
ניט געקאָנט כ'האָב זיך דערווארטן.

זיך געכאָלעמט האָט מיר איינמאָל,
אז דו ווינקסט מיר פון קאבינע,
זאָג דעם עמעס מיר דעם ריינעם,
האָסט מיך דאָרט געהאט אין זינען?..

האָסטו אָנגעהויבן לאכן,
האָסטו אָנגעהויבן קוועלן
האָסט געזאָגט: „איך וועל א טראכט טאָן,
נאָר דײַן פראגע ז'מיר געפעלן".

מיך געפרעגט: „וואָס זאָל איך שענקען,
ס'זאָל דײַן הארצ זיך שטענדיק פרייען,
פאר דײַן ליכטיקן געדענקען
ווען מיר זײַנען ניט אין צווייען".

כ'האָב צו זיך דיך צוגעבויגן,
שטיל דיר אײַנגערוימט אין אויער:
„ווען איך וואָלט מיט דיר געפלויגן,
כ'וואָלט געפריימ זיך אומגעהויער!"

* * *

אָ, פויגעלע־פויגל, די פליגעלעך גרינ
פון וואנענ דאָרט פליסטו, פון וואנען, וווּהינ?

אָט דאָרט אינ דער הויך אינ דער לופטיקער טיפ
האָסטו ניט באגעגנט א שטאָלענע שיפ?

אָ, פויגעלע־פויגל, מיט ראָזלעכער ברוסט
ווּ איז ער מײַנ ליבער, איז דיר ניט באוווּסט?

פאר דיר איז דאָך אָפנ דער הימל באראָט,
ביסטו אויך דאָך א פליִער, ביסט אויך א פילאָט.

אליינ דער פילאָט און אליינ אויך די שיפ,
שוינ לאנג ניט באקומענ פון אים כ'האָב קיינ בריוו.

אָ, פויגעלע־פויגל, מיט קלאָר ווײַסן בויך,
האָסטו ניט באגעגנט אים דאָרט אין דער הויך?

אָט דאָרט אין דער הויך אין דער לופטיקער טיף,
האָסטו ניט באגעגנט דאָרט פליִען א שיף.

אָ, פויגעלע־פויגל, מיט ראָזלעכער ברוסט,
ווּ איז ער מײַן ליבער, איז דיר ניט באוווּסט?

דו, פליִער, וואָס ווייסט ניט, וואָס הייסט פאראשוט
אף שטאָלענע פליגל האָסט עפשער גערוט. .

נאָך שפּײַז האָסטו עפשער צו אים זיך געוּוענדט,
אָ, פויגעלע-פויגל, דו וואָלסט אים דערקענט.

זײַן לויטערער בליק ער איז מילד, ער איז שטרענג,
אף ברוסט אף זײַן ברייטער אן אָרדען עס הענגט.

אָ, פויגעלע-פויגל, די פליגעלעך גרינג
פון וואנען דאָרט פליסטו, פון וואנען, ווּהינ?

אלץ הויכער און הויכער דאָס פויגעלע קרײַזט,
געבראכט האָט די ראדיאָ טײַערע נײַס.

און יאָנטעוודיק איז אין מײַן היים אין מײַן לאנד
און ווילד־פרעמדע מענטשן מיר דריקן די האנט.

* * *

אין וואסער דערפילט כ'האָב מײַן לעבעדיק לײַב
א פּאָשעטע זאך, נאָר פארוווּנדערט איך בלײַב.

עס גליטשט זיך א כוואליע ארונטער מײַן בויך
אינײנעם מיר הויבן זיך אוף אין דער הויך.

און וואקסן און ברויזן און אָט מיטאמאָל
איך זינק גיך אראָפּ אין א שווימיקן טאָל.

און דאָרטן פון אויבן עס שטראלט און עס העלט
און ס'טוט מיר האנאָע, וואָס כ'לעב אף דער וועלט.

און טיף איז מײַן אָטעם און שארף דער געהער
נאָר פלוצים פון כוואליעס פארכליִנעט איך ווער.

פארפאלנ, פארשווּנדנ דער יאם אונ דער ברעג
אונ אלצ ווערט צעמישט אינ א גרוילעכנ פלעק.

די זונ ווערט פארלאָשנ, צו גרונט גייט די וועלט
אונ וואָלט איכ געשריגנ, נאָר אָטעם מיר פעלט.

איכ פאָלג אומבאהאָלפנ דעם כוואליעשנ ברויז,
אפ ברעגנ אפ הייסע עס ווארפט מיכ ארויס,

אונ ווידער ווערט ליכטיק אונ ווידער ווערט העל
אפ באָדנ אפ פעסטנ איכ טו זיכ א שטעל.

איכ וויס, אז ביז מיר האָט די זונ נאָכ געשײַנט,
נאָר עפּעס א נײַע דערזע איכ זי הײַנט.

איכ וויס זי וועט דעמאָלט אויכ שיקנ איר שײַנ
ווענ ס'וועט פונ מײַנ לײַב שוינ קיינ זייכער ניט זײַנ.

איכ וויס, איכ פארשטיי, נאָר איכ גלויב, ווי א קינד,
אז שענער פונ שטענדיק די זונ איז אצינד.

איז זאָל זײַנ ניט אייביק פונ אָטעם דער פלאם
כ'האָב גאָרניט דערלייגט אונ געוווּנענ א יאם,

א יאם אונ א ברעג אונ א זונ אינ דער הויכ
מימ פײַכטקײַט מיט זיסטער מײַנ בליק ווערט פארהויכט.

ב. אָליעווסקי

# אָנהויב לעבּן

## די לעצטע נאכט

אָנגעטאָן אין א פאטשיילע מיט צוויי שפיצן, איז געשטאנען צווישן אונדז גאָלדע. גאָלדע האָט צונויפגערופן אין קלוב אלע קינדער און זיך געזעגנט מיט אונדז.

זי האָט אונדז געזאָגט, אז סע טרעט אָפּ די רויטע ארמיי, אז סע גייען די פּאָליאקן, אז די באָלשעוויקעס וועלן זיך גיך אומקערן.

די ייִנגלעך שווייַגן. די מיידלעך הייבן אָן וויינען. נאָר איך האָב עס פייַנט, גאָלדע האָט אויך געזאָגט, אז ס'איז ניט שיין.

סע טרעט אָפּ די רויטע ארמיי. מע עוואקויִרט דעם לאזארעט. ארל איז אויך אין לאזארעט. די געזונטערע אנטלויפן, די שווער־פארוווּנדעטע און קראנקע לאָזט מען בא די איינוווינער.

מיט גאָלדען געזעגנ איך זיך ניט. כ'האָב זיך פייַנט געזעגענען, אז איך געזעגן זיך, הייבט מיר אָן ווארגן אין האלדז.

כ'לויף אוועק אהיים. מע דארף ברענגען ארלען. איך בין איינער אליין. דער טאטע און די מאמע ווערן אפּ גאנצענע טעג פארפאלן—זיי גייען ארום איבער די דערפער און בייַטן אויס זאלץ און סאכארין אפּ ברויט.

די מאמע לאָזט קיינמאָל ניט דעם טאטן איינעם אליין, זי האָט אים מוירע לאָזן אליין אין דאָרף.

אז איך קום צולויפן, טרעף איך שוין לעבן שטוב דעם לאזארעט־וואָגן מיטן צײלעם. אן אויסגעמאָגערטער, א קליינינקער, זעט זיך קימאט ארל ניט ארויס פון דער אונטערגעבעטער שטרוי און פון דער גרויסער קישן, וואָס ליגט אים צוקאָפּנס.

ער גיט אפילע אפּ מיר קיין קוק ניט.

— ארל!

ארל שווייַגט.

אין דער שטילקייַט פון גאס קלינגען נאָר די שוואָרענעס איבער די לאָדן, די שכיינים פארהאקן די הייַזער.

פארבייַ וואָגן לויפט דורך א שאָכן. ער פארוקט די קאָפּ אין די אקסל און קוקט זיך ניט אום.

אפילע די שכיינים, אפילע מײַנע כאווײרים—קיינער לויפט זיך ניט צונויף. מיטן רויטארמייער, וואָס האָט געבראכט ארלען, הייב איך אָן אראָפּנעמען ארלען פון וואָגן. ארל פארמאכט די אויגן, פארבײַסט די ליפּן.

ערשט אינ אלקער, אז איך לייג אים אוועק אפ דער נידעריקער הילצערנער בעט, גיט ער אפ מיר א קוק, גיט א קוק אפ מיר מיט זײַנע קארע אויגן פון אונ־טער די לאנגע בלאָנדע הערעלעך פון די וויִעס. בא אונדז אינ שטוב זײַנען גאָר בא אים די אויגן ניט קיין שווארצע, ווי בא מיר, קארע זײַנען זיי אונ גרויסע ווי פלוימען.

ארל פארווארפט דעם קאָפּ. דער קאָפּ איז אָפּגעשוירן.

דאָס פּאָנעם איז קלענער געוואָרן, די הויט ווײַסער, דורכזיכטיקער. נאָר די נאָז איז לענגער, איז שרעקלעך.

ער קוקט אפ מיר. וויל עפּעס זאָגן. ער פארמאכט די אויגן. שווייס־טראָפּנד־לעך באווײַזן זיך אפ זײַן שטערן.

— דעם עמעס. געטראָפן זיך עפּעס?

ער עפנט צוריק די אויגן. קוקט זיך ארום. וויל זיך אופזעצן אפ דער קישן. דאָס פּאָנעם ווערט אינגאנצן אײַנגעקרומט:

— אונ די מאמע?

— אוועק מיטן טאטן נאָך ברויט.

ער הערט מיר אויס. מיט האלב־צוגעמאכטע אויגן קוקט ער אפּן פענצטער. א גראָבע ליפּע־צווײַג מיט געלע אָפּענדלעך פון צוויט וויגט זיך קוים־קוים אינ די שויבן אונ פארטונקלט די שטוב.

איך גיס אָן אביסל אייל אינ א דעקל פון א פושקעלע. כ׳שלעפּ ארויס פון דער קאָלדרע א שטיקל וואטע אפ א קנייטל. כ׳וויל שוינ אָנצינדן פײַער, נאָר ארל ה׳ערט מיטאמאָל אופגערודערט.

סע דערהערט זיך אינ דער שטילקײַט א צאָקעניש פון טלאָען. די צאָקעניש ווערט נעענטער. די טלאָען שטארבן אָפּ לעבן שטוב. ס׳גיט א סקריפּע די טיר אינ פאָרהויז. נאָכדעם הערט זיך, ווי א פערד שפּאנט אריבער די שוועל פון אונדזער קליינינקער שטאל.

— הא,—צעעפנט ארל די אויגן.

כ׳לויף ארײַן אינ קיך. ס׳עפנט זיך אנטקעגן מיר די קיך־טיר. טרעטנדיק אפ די געזער פון די שטיוול, גייט ארײַן א קאוואלעריסט. בא יעדן טראָט פארבײַסט ער די ליפּ. פאָרזיכטיק, ס׳זאָל זיך ניט א קלאפּ געבן אינ דיל, לאָזט ער פריִער אראָפּ אפ דער ערד א ברעזענטן זעקל מיט עפּעס אײַזערנע זאכן, גייט צוריק ארויס אינ שטאל אונ בינדט אָפּ פון זאָטל א גרויסן קנויל ווײַסן טעלעפאָן-דראָט אונ א בלע־כענע באנקע.

איך שטיי אונ קוק אפ אים. אונ ער—ווי ער זאָל מיר אפילע ניט זען. איך דערקען אים שוינ זייער גוט. נאָר ער—גאָרניט. ער דרייט זיך אויס צום פענצטער, פארשארט דאָס פאָרהאנגל, באטראכט לאנג די פארנאכטיקע אָפּגעשטאָרבענע גאס, הערט זיך אײַנ עטלעכע רעגעס, ווי אלץ נעענטער־נעענטער וואָיעט דורך אינ דער שטיל־

קײַט א סנאריאד און פאלט ערגעצ, ווײַזט אויס ניט ווײַט פונ אונדזער שטוב.

— דודקי—גיט ער מיטאמאָל צו מיר פרײלעכ א זשמורע מיט אנ אויג,—ניט אופ־געריסנ זיכ...

— אזוי, אָשערל—און גיט קונציק צו א קלונג מיטנ צונג.

— כ'האָב דיכ אויכ דערקענט—קענ איכ זיכ פאר פרייד ניט געפינענ קיינ אָרט.

— כ'בינ זייער גערירט.

— נאָר דעמלט ביזטו, מאגיד, געקומענ דעמ קאָפ פארבונדנ מיט מארליע און איצטער אָנ מארליע.

מאגידס שמאָל לענגלעכ פּאָנעם איז איצטער אָפּגעגאָלט, בלוילעכ. דאָס היטל מיטנ רויטנ שטערנדל איז ארופגערוקט. די קוטשמע האָר פונ פאָרנט פארשטעלנ דאָס היטל. דאָס טוזשורעקל איז צעקנעפּלט. ער גיט זיכ א באוועג, ס'געבּנ א קלונג די ניקלירטע רעדעלעכ פונ די שפּאָרנ.

— עמעס, אָשערל—גיט ער זיכ א פּיק מיט צוויי פינגער אינ שטערנ—זי איז גאנצ...

— דער קאָפּ איז דערווײַל א קאָפּ און מ'עט וואָיעווענ, ברודערל...

ער פארכאפּט זיכ. ווערט באמ וואָרט „וואָיעווענ״ מיטאמאָל אָנגעכמורעט. די ברעמענ רוקנ זיכ אראָפּ איבער די אויגנ. ער דערמאָנט זיכ אינ עפּעס, ווערט צו מיר אָפּגעפרעמט:

— דער טאטע ניטאָ? ניט גוט. געדארפט נעמענ עפּעס...

— און ארלענ? געבראכט?

ניט אויסהערנדיק מיכ, לאָזט ער זיכ אינ צווייטנ צימער. לעבּנ אלקער הייבּט ער אָנ טרעטנ אפ די שפּיצ פינגער, גייט שטיל ארײַנ, דערזעט ארלענ. די אונטער־שטע ליפּ גיט זיכ בא מאגידנ א רוק ארויס: ער פארקרימט זיכ, צעשמייכלט זיכ:

— אָפּגעטעסעט זיכ אביסלע,—זאָגט ער צו ארלענ און גיט א פײַפּ צו.

ארל לויכט אופ, גיט זיכ א קער אויס צו מאגידנ. נאָר־וואָס האָט ער קיינ קויכעס ניט געהאט. איצטער גיט ער זיכ אליינ א רוק ארופ אפ דער קישנ, זעצט זיכ קימאט:

— ווי גוט... וואָס געקומענ, מאגיד... לאנג שוינ...—און זײַנ אָפּגעצויגנ פּאָנעם פארויטלט זיכ עטוואָס. די אויגנ לײַכטנ אופ מיט א קוים־באמערקבארער פרײלע־כער ליכטיקײַט.

— ליג־ליג—פארהאלט אימ מאגיד. מאגיד קוקט אפ אימ, גיט זיכ א קנייטש. ער וויסט ניט וואָס צו טאָנ. ער שטייט אינמיטנ אלקער. די לעצטע זונ־שטראלנ דורכ די שויבּנ באשײַנענ נאָר זײַנע פארשטויבטע שטיוול מיט די בלישטשענדיקע שפּאָרנ. אינ שטוב איז טונקל.

כ'וויל אָנצינדנ דאָס קאנעצל. כ'נעמ א פּעקעלע שוועבּעלעכ. כ'טו א רײַבּ, נאָר ס'צינדט זיכ ניט אָנ. מאָדנע שוועבּעלעכ. אז זיי צינדנ זיכ שוינ אָנ, איז פריִער הייבּנ זיי אָנ זשומענ. נאָכדעמ ווערט א מוירעדיקער געשטאנק פונ זיי.

— מע דארפ ניט! ליכטיק נאָכ—גייט מאגיד צו צומ טיש און נעמט צו בא מיר די שוועבּעלעכ.

ער זעצט זיך אוועק, פאַריכט די צאַראַטע אַפּן טיש, שאַרט אַראָפּ די ברעקלעך אַפּן דיל, שווײַגט.

— מאגיד—גיט אַרל אַ סקריפּע מיט דער בעט און עפּעס שרעקלעכס באַווײַזט זיך אין זײַנע אויגן—געזעגנענען זיך?.. יאָ?..

אַרל גיט זיך אַ דריי. ס'פאַלט אַראָפּ די קאָלדרע. ער בלײַבט ליגן אינעם גרעט.

— יאַטוץ—רעדט מאַגיד צו מיר און אײַנצײַטיק ווינקט ער צו אַרלען,—אָשערל,—זאָגט ער מיר—גיב אַ קוק צום פערד, ס'איז פאַרשוויצט, אָשערל, דאָס פערד. אַז עס וועט זיך אָפּקילן, איז גיב מיך אַ רוף. מירן עס אָנפּאָיען...

ער רעדט און דערווײַל פירט ער מיך פאַמעלעך צום טיר, פירט מיך פעסט.

כ'האָב דאַפקע פײַנט, אַז מע שטופט מיך. נאָר כ'ווייס אַפילע ניט צי שטופט ער מיך, צי מיינט ער טאַקע, כ'זאָל אַ קוק טאָן צום פערד.

מאַגיד פאַרמאַכט הינטער מיר די טיר. אַז כ'גיי אָפּ, דערהער איך, ווי מאַגיד הייבט אָן גיין הין און צוריק איבערן אַלקער. נאָכדעם הויבט ער אָן עפּעס ריידן. נאָר ער רעדט אַזוי שטיל, אַז איך הער גאָרניט.

אין פירהויז גיט צו מיר מאַגידס פערד אַ ציי די קאָפּ. נאָר, אַז כ'וויל דאָס אַ גלעט טאָן, גיט ער זיך אַ בריקעווע. דאָס פערד איז נאַס, און פערד, אַז זיי זײַנען מיד, ווערן זיי ווי מאַכאַשייפעס. די אויערן לאָזן זיך אַראָפּ, די גריווע ווערט צו־שויבערט, זיי הייבן זיך אָן בײַסן.

— ציאָסינקאַ, ציאָס-ציאָס—דערלאַנג איך דעם אַ ביסעלע שטרוי. ס'הייבט דעם אָן קלינגען דאָס ציימל אַפּ די ציין. עס הייבט אוף די אויערן. ווערט גוט צו מיר. פערד האָבן זייער ליב, אַז מע איז מיט זיי גוט. און אַז דאָס פערד ווערט צו מיר גוט, וויל איך שוין זייער, מע זאָל דאָס אָנפּאָיען.

— כאַוער מאַגיד,—שרײַ איך פון פירהויז.

כ'גיי אַרײַן אין קיך. נאָר מאַגיד גייט ניט אַרויס. כ'הייב דערווײַל אָן צע־וויקלען דעם טעלעפאָן־דראָט. כ'צעבינד דאָס ברעזענטענע זעקל. דאָס זעקל איז פול און פול מיט דאָלעטעס, שנור, מיט העמערלעך. כ'הויב אָן שלעפּן אַ שווערע באַנקע. די באַנקע איז שווער עפענען. כ'טו אַ קלאַפּ איבערן דעקל. כ'גיב אַ גוטן קלאַפּ. מאַגיד האָט, ווײַזט אויס, דערהערט.

— ניט וואַג!—לויפט ער אַרויס צו מיר—טשעפּע ניט!—ציטערט ער אוש אוף און נעמט פאָרזיכטיק צו בא מיר די באַנקע.

— ס'אַרא יאַט דו ביסט—ווערט ער מיט מיר צוריק פרײַנטלעך,—האָסט נאָך אַלץ ליב געווער, אָשערל, קום נאָר,—פירט ער מיך אַרײַן אין אַלקער.

— דעם עמעס,—זעצט ער זיך אַוועק און קוועטשט מיך צונויף מיטביידע פיס—האָסט אין ערגעץ ניט קיין שפּיזן, קוילן, דראָט?!

— ניין,—זאָג איך אים.

— אָשער, נאַרסט אָפּ!

אַרל קוקט אויך אַפּ מיר. זײַן מויל איז אַביסעלע אָפּן, ער אָטעמט שווער.

— אָשערל,—לאָזט מיך מאגיד אָפּ,—כ'פאָר באלד אוועק... ס'וועלן ארײַן די פּאָ־ליאקן... געפינען זײ קוילן—מאכסטו אומגליקלעך די שטוב.

כ'קריך ארײַן צווישן דער שאפע. צווישן שפּינוועבס און שמאטעס האָב איך דאָרטן באהאלטן א גרינע פּלאטשיקע פּושקע, אין וועלכער מע האלט קוילן־לענטעס פאר קוילנוואַרפערס. אין דער פּושקע האלט איך בלײַענע „אָסקאָלקעס", עסטרײַ־כישע פּאטראָנעס און נאָך אסאך גוטע זאכן.

מאגיד נעמט בא מיר די פּושקע.

— עך, אָשער־אָשער!—נעמט ער ארויס די פּאטראָנעס. אין שפּאלט פון דער טיר הייבט ער אָן ארויסבויגן די קוילן פון די הילזעס, שיט ארויס דעם פּולווער.

א פּארציטערטער זע איך, ווי מאגיד פארוואַרפט דאָס פאָרהאנגל אפן שטריקל, עפנט דעם פענצטער. דער פענצטער גייט ארויס צום סאָד. כ'דערהער ווי די פּושקע, די הילזעס גיבן זיך א קלאפּ אין די צווײַגן. ס'הויבן אָן פליִען בלעטער, עטלעכע גרינע עפּעלעך פאלן אראָפּ. כ'לויף גיך צו צום פענצטער. איך קוק זיך אײַן און פארגעדענק דאָס אָרט, וווהין ס'פאלן מײַנע זאכן.

כ'פארקלעם די ציין. כ'וויל זיך אפילע ניט אויסדרייען צו מאגידן. נאָר אז איך קוק זיך אום,—פארשכײַ איך שוין גאָרניט ניט. מאגיד זיצט באם טיש. מאגיד קוקט אפּ מיר ניט. ער רײַסט דאָס שטערנדל פון דער היטל. נאָכדעם בייגט ער זיך צו צום דיל. ער שפּיליעט אָפּ פון זײַנע שטיוול פריִער איין שפּאָר, נאָכדעם די צווייטע שפּאָר. בלישטשענדיקע, מיט קלינגענדיקע צײַנדלדיקע רעדעלעך, גיבן די שפּאָרן א דרינזשע, אזוי ווי א וויזג, אין מאגידס הענט. פריִער גיט א פלי איינער, נאָכדעם גיט דער צווייטער א בליאסק דורכן פענצטער.

— מא־אגיד?!..

— יאָ, אזוי איז מײַן נאָמען—מאכט ער צו מיר.

— וואָ־אָס?—פארזיקע איך זיך אזש—וואָס וואַרפסטו די שפּאָרן?

— האָסט ניט, אָשערל, קיין ראכמאָנעס אפּ פערד. און א פערד איז אויך א מענטש. אָדעם!—קלאפּט מיר מאגיד איבער דער פלייצע און לאכט צו ארלען.

נאָר ארל לאכט ניט. ער קוקט זיך ארום, זוכט עפּעס מיט די אויגן איבער די ווענט.

— געפינ, אָשער... גיב מאגידן דעם טאטנס פּידזשאַק און די הויזן... און האָב דערפאָלג—רעדט ער שוין ניט צו מיר, נאָר צו מאגידן.

ארל וויל אים געבן די האנט. א דארע, א קינדערשע רוקט ער זי ארויס, נאָר באהאלט זי צוריק אונטער דער קאָלדרע:

— טיפ בא מיר, ס'איז אָנשטעקנדיק!..

— נארישקײַטן—נעמט אָן מאגיד מיט ביידע הענט ארלס האנט.

ער גיט זיך א ציִ דאָס העמדל. ציט אײַן ענגער דעם רימען. גיט א שלעפּ ארופּ די כאָליעוועס.

גיט זיך א רײַב א האנט אין א האנט. זײַנע לאנגע דארע פינגער גיבן א קנאַק אין דער שטילקײַט. ער גיט זיך א דריי אפּ די אָפּצאַסן.

אין קיך דערלאנג איך מאגידן מײַן טאטנס אָנטאָן. איך האָב אים אפילע מוירע

פרעגן, אפ וואָס דארפ ער מײַנ טאטנס פארלאטעטנ פידזשאק אונ הויזנ, אז ער האָט אזעלכע שײנע גאליפע אונ אזא שײנ העמדל.

ניט קוקנדיק אפ מיר, נעמט בא מיר מאגיד דעם פידזשאק, גיט אים א שפרײט אויס איבערנ דיל, זעצט זיכ אראָפ, לײגט ארײַנ אינ אים דעם קנויל טעלעפאָנ־דראָט, די באנקע, די ברעזענטענע טאָרבע. ער מאכט א קלומיק אונ פארבינדט אים מיט די ארבל.

— אנ עמער פאראנ?

ער גיט א זוכ מיט די אויגנ, דערזעט דעם עמער וואסער, וואָס שטײט אינ קיכ אפנ טאבורעטל. ער גײט ארויס אינ פירהויז! איכ גײ אים נאָכ. מאגיד בינדט אָפ דאָס פערד, גיט אים א גלעט, שטעלט אוועק אפנ קני דעם עמער וואסער, הויבט אָנ שטיל־שטיל אונטערפײַפנ צום פערד. אינ דער שטילער טונקלעניש פונ דער שטאל, דערהערט זיכ ווי דאָס פערד זופט דאָס וואסער אונ ווי דאָס צײַמל קלינגט אים אפ די צײנ.

— ארל איז זײער קראנק, אָשערל,—גיט מאגיד אפ מיר א קוק. נאָכדעם גיט ער א פרווו דעם זאָטל, שפארט אָנ די קני, ציט ענגער אײַנ די צווײ זאָטל־רימענס, בינדט צו דעם קלומיק אונטערנ זאָטל, עפנט אופ די שטאל־טיר. רוקט פריִער ארויס דעם קאָפ אונ קוקט זיכ ארום.

אינ גאס איז אָבער ניטאָ אפ וואָס צו קוקנ. ס'איז שוינ פינצטערלעכ. סע ברענט אינ ערגעצ אפילע קײנ קאנעצל ניט. מע שיסט אפילע ניט. אונ אז מע שיסט ניט אונ ס'איז שטיל—איז זײער שרעקלעכ. ס'א סימענ, אז ס'איז קײנער ניטאָ. ניטאָ שוינ די באָלשעוויקעס אונ ניטאָ נאָכ די פאָליאקנ.

מאגיד פירט ארויס דאָס פערד, ער זעצט זיכ ניט אופ. ער בלײַבט שטײנ. שפארט זיכ אָנ אינ זאָטל. זײַנ קאָפ איז איצטער א ביסעלע העכער פונ פערד. כ'קוק אפ מאגידנ. כ'פארײַס צו אים דעם קאָפ. כ'וויל זײער, מאגיד זאָל מיר זאָגנ עפעס פרײַנטלעכס.

— סארא אײגעלעכ צוציק!—גיט ער מיר א הויב אופ דעם קאָפ.

— כ'וויל ניט,—זאָג איכ,—כ'וויל ניט...—אונ איכ קוק אראָפ אפ דער ערד — בלײַבט דאָ כאווער מאגיד...

בא מאגידנ גיט זיכ א קנײטש אײנ זײַט פאָנעם. ער גיט א הײב אנ אקסל, גיט מאָדנע צו מיר א שמײכל, ענטפערט מיר ניט, נעמט דאָס פערד פארנ צײמל, פאר־קערעוועט הינטערנ שטוב צום סאָד.

— כ'קענ ניט, אָשערל. קריג מיר בעסער א האק.

— א האק?

— יאָ, א האק.

אז איכ טראָג אים ארויס די האק, שטײט שוינ מאגיד לעבנ פלויט פונעם סאָד. ער שטײט ביז איבער די קני אינ דער קראָפעווע. דעם קאָפ האָט ער פאריסנ אונ קוקט צו יענער זײַט בײמער. אפילע דאָס פערד קוקט אויכ אהינ. פונ יענער זײַט בײמער איז ארויסגעקראָכנ א גרויסע שטיק רויטע לעוואָנע. דער הימל איז רויט. א שטיקל בלעכענע דאכ גלאנצט אינ דער טונקלעניש.

א נעכטעלע־גאָלד, הא?—אונ מאגיד נעמט בא מיר די האק.

ער רוקט אריַינ די האק צווישנ די ברעטער אונ דעם סטויפּטשיק פונעם פּלויט. עס גיבּנ א קריצ אינ דער שטילקיַיט די ארויסגעקראָכענע טשוועקעס, סע פאלט אראָפּ איינ ברעט, די צווייטע.

געוועג—אונ ניטאָ שוינ קיינ פּלויט.

— אפּ וואָס איז?

— גאָרניט, אָשערל. ס'איז א שטויבּ אפּנ שליאכ. אונ דורכ די פעלדער—סארא גוטסקיַיט פאָרנ דורכ די פעלדער. עמעס, זאָג איכ, וואָס?

— יאָ,—זאָג איכ אימ, כאָטש כ'פארשטיי אימ ניט. ס'איז אָוונט. קיל. ס'א טוי, ס'איז ניטאָ קיינ שטויבּ.

ער פירט אריַינ דאָס פערד אינ סאָד, פארלייגט צוריק די ברעטער, שפּארט זיכ אָנ מיט ביידע הענט אינ פּלויט, ציט מיר אויס פונ יענער זיַיט א האנט.

— נו, זיַי מיר געזונט, אָשערל.

— פאָרט געזונט, זאָג איכ אימ.

פונעם „זיַי געזונט" ציטער איכ אופ.

— וועסט זאָגנ דעם טאטנ, אז דעם קאָסטיומ וועל איכ אימ אָפּברענגענ. ער זאָל זיכ ניט זאָרגנ.

נעמענדיק דאָס פערד פארנ צוימל, דרייט ער זיכ אויס. דאָס פערד הויבּט אימ אָנ נאָכגיינ.

אז מאגיד פארשווינדט צווישנ די ביימער, גיי איכ אריַינ אינ שטובּ. ס'איז פינצטער. כ'קרעכצ אונטער ווי דער טאטע. כ'הויבּ זיכ אָנ ריַיבּנ א האנט אינ א האנט. כ'וויל ניט, אז ארל זאָל מיינענ, אז עפּעס בינ איכ א קליינינקער.

כ'צינד אָנ דאָס קאנעצל. דער אלקער ווערט פול מיט געלער ציטערדיקער ליכט. כ'דערזע ארלענ. כ'פארוונדער זיכ אזש. ארל ליגט ניט. ער זיצט ארל:

— אוועקגעפאָרנ?

— דורכ די פעלדער,—זאָג איכ,—מאגיד האָט ליבּ פאָרנ דורכ די פעלדער. ער האָט ליבּ, אז ס'א טוי.

איכ רוק צו א בענקל, איכ פארוואַרפ א פוס אפּ א פוס, כ'דערפיל זיכ מיטאַ־מאָל זייער גרויס אונ געזונט. אלנפאלס, ניט קלענער פונ ארלענ. ארל איז אפילע ניט אפּ אסאכ עלטער פונ מיר. עלטער אפּ א יאָר זעקס. אלט איינגאנצנ זעכצנ יאָר.

ארל זיצט אפּנ בעט. זיַינע איַינגעצויגענע באקנ זיַינענ מיט פּליאמעס. זיַינע דינע ליפּנ זיַינענ פארטרוקנט. נאָר די איַינגעפאלענע אויגנ ברענענ מיט א שרעק־לעכער בליאסקנדיקער רויטקיַיט.

— אָשערל,—האָט ער מער קיינ קויעכ ניט צו זיצנ, שפּארט זיכ אָנ אינ ווענטל—מיַינע פאפירנ... נעמ ארויס... אונטערנ בעט...

כ'קריכ ארונטער אונטערנ בעט. כ'האָבּ ביז איצטער אפילע ניט געוווּסט, אז דאָרטנ געפינענ זיכ פאפירנ. בא אונדז אינ שטובּ באהאלט מענ פונ מיר אויס אלצדינג.

כ'שלעפּ ארויס אָ קוישעלע פונ אונטערנ בעט. איכ רוק צו צומ בעט דאָס טישל. כ'וואַרפ ארויס אפּנ טישל פארשריבּענע ליידיקע העפטנ, א געאָגראפיע מיט קארטינ־

קעלעכ, א פעקל צונויפגעבונדענע פאפירלעכ. נאָכדעם גיט עפעס א גלאנצ, גיט א פאל און א קלונג אפנ דיל.

כ'בויג זיכ אָנ—א בלויעלעכער בראונינג ליגט אפנ דיל.

ארל זאָגט מיר גאָרניט. ער רוקט נאָר ארויס פונ אונטער דער קאָלדרע זײַנ דינע האנט און נעמט צו בא מיר דעם בראונינג. די העפטנ, די ביכלעכ רוקט ער אָפ אינ א זײַט.

אז איכ צעבינד דאָס פעקל פאפירלעכ, רוקט ער זיכ צו נעענטער צו מיר, באַטראכט די שטאמפנ, שטעמפלענ, די קונציקע אונטערשריפטנ, הויבט זיי אָנ רײַסנ. ער האָט אָבער קיינ קויעכ ניט.

— צערײַס—בעט ער מיכ.

אפ קליינע־קליינע שטיקעלעכ הויב איכ אָנ צערײַסנ זײַנע אלע דאָקומענטנ. ארל קוקט אפ מײַנע הענט. ער ליגט אפ א זײַט. כ'פיל זײַנ הייסנ, אָפגעהאקטנ אָטעמ לעמ זיכ.

— וואָס טוסטו?—גיט ער מיטאמאָל א צאפל אופ און כאפט מיכ אָנ בא די הענט, רײַסט ארויס בא מיר א ביכעלע.

ס'איז אפילע ניט קיינ ביכעלע. ס'איז א שטיקל דינער קארטאָנ צונויפגעלייגט אינצווייענ.

— אָ־ש־ער... ס'איז דאָכ... ס'איז דער בילע־עט?—באטראכט ער מיכ מיט גרויסע צעעפנטע אויגנ. ער הויבט מיכ אָנ באטראכטנ, ווי ער וואָלט מיכ עפעס ניט דערקענענ. ער האלט דעמ בילעט מיט ביידע הענט. ער רוקט זיכ פונ מיר:

— און איכ וועל אימ באהאלטנ,—זאָגט ער שוינ שטיל, ווי ער זאָל מיר אײַנרוימענ א סאָד—איכ וועל ווערנ געזונט וועל איכ...

„איכ וועל ווערנ געזונט"...—כאזערט ער איבער נאָכאמאָל, און ארומ מויל קנייטשט זיכ בא אימ אײַנ דאָס פּאָנעמ. און ס'איז ניט קיינ שמייכל, ס'איז א שמוכ—א שטילער, א גליקלעכער. ער ווערט עפעס רויִק. ער ליגט אפנ רוקנ. איינ האנט הענגט אראָפ. ער קוקט אומבאוועגלעכ אפ דער נידעריקער א ביסל צוגעזעצטער סטעליע. ער קוקט אפנ קרוק, אפ וועלכנ ס'זײַנענ אמאָל געהאנגענ אונדזערע וויגעלעכ:

— כ'האָב, אָשערל, ארבעט... א סאכ, א סאכ ארבעט...

אפ די שפּיצ־פינגער, קעדיי ניט שטערנ אימ, הויב איכ זיכ אופ פונ בענקל. ס'ווערט פינצטערלעכ אינ שטוב, כ'גיי צו צומ קאנעצל. כ'רײַס אָפ דאָס אָפגעברענטע שטיקל קנויט, וואָס טשאדעט, ס'ווערט ליכטיקער. ס'ציטערט דער רויכ אונטער דער סטעליע און א געלער ליכט־קרײַז וויגט זיכ אומ איבער ארלס בעט.

— אָשערל,—הויבט ער אָנ ריידנ, קוקנדיק אלצ אפנ קרוק—פארשטייסט? איינמאָל געווענ אפנ פראָנט... איינמאָל,—דרייט ער זיכ אויס, הויבט מיר אָנ קוקנ גלײַכ אינ די אויגנ,—אָנגעהויבנ... אָנגעהויבנ און אויס!.. אויס, אָשערל...

ער שטויסט אראָפ פונ זיכ די קאָלדרע. ס'ווערט אימ הייס. זײַנ דורכגעשאָסענע, בלוי־געוואָרענע פוס, וואָס מע דארפ אָפשנײַדנ, איז ווי א בארג. ארל ליגט אינעמ ־גרעט. אינ סאָלדאטסקע גרעט מיט שווארצע שטעמפלענ אפ דעמ.

ער ליגט שטיל. נאָר צו ביסעלעכ הויבט ער זיכ אָנ רוקנ, ציט זיכ צונויפ, רוקט צו ביידע הענט צום מויל:

— אָ־אָשע־ער—שלעפט ער מיר צו צו זיכ—האלט אונטער,—אונ באהאלט דאָס פּאָנעם אינ די הענט,—די סטעליע!.. ס'פאלט די סטעליע, אָשערל—פארוקט ער זיכ, אונ קוקט א פארציטערטער צום באלקנ.

איכ מיינ, אז ער לאכט. נאָר אז איכ קוק זיכ גוט צו צו אימ, דערפיל איכ, אז סע הויבנ מיר אָנ שטעכנ די האָר אינ קאָפּ, אז מורעשקעס לויפנ מיר אומ איבער דער פּלייצע.

זײַנע רויטע אויגנ קריכנ אימ פונעמ פּאָנעמ. זײַנע אײַנגעפאלענע באקנ זײַנענ פארויטלט.

— ארל,—צעוויינ איכ זיכ,—כ'האָב מוירע, ארל...

ארומ קאָפּ הויבט בא אימ אָנ נאס ווערנ די קישנ. אײנציקע ווייכע הערעלעכ הויבנ זיכ אימ אָנ צוקלעפּנ צומ שטערנ.

— א דערשטיקעניש,—רײַסט ער אפּ זיכ די העמד,—דעמ פענצטער! ס'איז הייס!—בעט ער זיכ.

כאכאקל איז קיל אינ שטוב. נאָר כ'שפּרינג אופ, כ'גיב אנ עפנ דעמ אלקער־פענצטער. כ'עפנ אזוי גיכ, אז סע פארלעשט זיכ דאָס קאנעצל. דאָס גאנצע אל־קערל ווערט פול מיט שפּרינגענדיקע לעוואָנע־פלעקנ. אינעמ אָפענעמ פענצטער שורעווענ אונ באוועגנ זיכ די צונויפגעגאָסענע ליפּע־בלעטער. די בלעטער דעקנ צו אונ דעקנ אָפּ די לעוואָנע.

ארל ליגט אינגאנצנ א ראבער אינ דער לעוואָנע־ליכט.

כ'צינד אָנ א שוועבעלע אונ מאכ צוריק ליכטיק. צומ ציטערדיקנ פלעמל פונעמ קאנעצל טראָגנ זיכ אָנ באבעלעכ אונ פליגעלעכ. א גאָלדנ פילקאָלידיק באַ־בעלע גיט א פלאטער ארומ פײַער, גיט א צאפּל אונ פאלט ארײַנ אינ דעמ אייל.

איכ גיי צו אונ שפּאר זיכ אָנ אינעמ פענצטער. אונדזער באלויכטענער פענצ־טער איז, ווײַזט אויס, דער אײנציקער אינ שטעטל. איבערנ שטעטל הענגט נאָר די לעוואָנע. פריִער מיט א שעה איז זי געווענ א רויטע, איצטער איז זי א ווײַסע אונ אנ אָנגעשטשערבעטע.

— אָשערל,—דערהער איכ ארלס פארשטיקט קול.

— וואָס?—

— קאלט—הער איכ, ווי סע קלאפּט אימ א צאָנ אינ א צאָנ.

כ'פארמאכ צוריק דעמ פענצטער. איכ כאפּ אראָפּ פונ שו־אגע דעמ טאטנס מעליקנ פעלצ. כ'דעק ארלענ צו. כ'לייג אָנ אפּ אימ א גאנצנ בארג מיט קישנס אונ קאָלדרעס.

— אוי,— קרעכצט ער אונטערנ בארג,—ווי ס'איז קאלט!..

זײַנ אײַנגעפאלנ פּאָנעמ ווערט גרינער, אשיקער. נאָר זײַנע אויגנ זײַנענ לעבע־דיקע. זיי קוקנ אפּ מיר אונ זעענ מיכ ניט.

ער הייבט עפּעס אָנ ריידנ, נאָר כ'פארשטיי ניט. ער מאכט מיט א האנט אינ־דערלופטנ, טרײַבט עפּעס פונ זיכ. זײַנ שטערנ ווערט פול אונ פול מיט שווייס־טראָפּנ...





— אפּ דער קאַנאַפּע,—ווײַזט ער מיטן האַנט אפּן צווייטן צימער,—כ׳ קען ניט... מע שטיקט מיר דאָ...

ער נעמט מיך אַרום מיט ביידע הענט. איך נעם אים אויך אַרום. איך הויב אים אופּ. ער איז זייער גרינג. ער האַלט זיך אָן אין מיר. ער שטייט אפּ איין פוס. מײַן קאָפּ דערלאַנגט אים ביזן אַקסל. פּאַמעלעכן שלעפּ איך אים און לייג אים אַוועק אין צווייטן צימער אפּ דער קאַנאַפּע. ער ליגט עטלעכע רעגעס. ער וויל זיך איבערדרייען. הויבט זיך אָן וואַרפן. דאָס קאַנעצל איז אין אַלקער. איך זע אים ניט. איך פיל אים נאָר.

— ארלֿ,—בעט איך אים,—לאָמיר אַנשלאָפן ווערן.

ארלֿ ענטפערט מיר ניט.

כ׳שפּאַר זיך אָן מיט ביידע הענט אין דער קאַנאַפּע־פּאַרענטש. כ׳לייג אַוועק דאָס פּאָנעם אפּ די הענט, נאָר די אויגן פאַרשטעל איך ניט, איך קוק אין פענצטער. א סאַך, א סאַך שטערן. איך הער ווי סע גיט ערגעץ א קרייע א האָן, און ווו פון ערגעץ ענטפערט אָפּ א צווייטער האָן.

ס׳איז שוין, ווײַזט אויס, שפּעט. כ׳פיל ווי כ׳קען שוין באַלד ניט אופּרײַסן די אויגן. זיי פאַרמאַכן זיך אַליין. כ׳הויב זיך אָן דרייען, קעדיי ניט אַנשלאָפן ווערן. ארלֿ הויבט זיך אויכעט אָן דרייען. אפּן בלויען פירעק פונעם פענצטער דערזע איך דעם שאָטן פון ארלס אויסגעשטרעקטער האַנט.

— אָט איז ער,—שפּײַט ער אויס.

— ארלֿ,—קען איך זיך ניט רירן פון שרעק.

— אָט איז ער!..—זאָגט ער נאָכאַמאָל.

זײַן האַנט לאָזט זיך אַראָפּ, טוט א פאַל, ער גיט א ציטער.

כ׳רוק זיך צו צו אים. כ׳האָב מוירע. איך קריך אַרונטער צו אים אונטער דער קאָלדרע.

כ׳פיל, אַז איך בין שווער. כ׳געדענק שוין אפילע ניט, אַז ארלֿ איז קראַנק. כ׳בין מיד און האָב מוירע. כ׳דריי זיך צונויפ ווי א דריידל. כ׳נעם אים אַרום מיט ביידע הענט און ווער אַנשלאָפן.

איינמאָל נאָר האָב איך זיך אופגעכאַפּט. אין אַלקער איז בלוי. סע טאָגט. ס׳האָט מיך אופגעוועקט א טופּערײַ און א ליאַזגערײַ, א סאַך־אַסאַך שטיוול־טריט, טלאָען און קוילעס הערן זיך ערגעץ פון שאָסיי.

ס׳זײַנען שוין ווײַזט אויס, אַרײַן די פּאָליאַקן.

כ׳זעץ זיך אופּ אפּן בעט, איך הער זיך נאָכאַמאָל אײַן.

— די פּאָליאַקן,—דעק איך אָפּ ארלס פּאָנעם—די פּאָליאַקן, ארלֿ—שושקע איך אים אין אויער.

נאָר ארלֿ ענטפערט ניט. די אויגן זײַנען בא אים פאַרמאַכט. די אונטערשטע ליפּ איז בא אים א ביסעלע אַראָפּגעלאָזן. ס׳מוילֿ איז א ביסעלע צעעפנט, ווי ער זאָל שמייכלען, לאַכט פון שלאָף. איך נורע זיך צוריק אײַן אונטער דער קאָלדרע און ווער אַנשלאָפן.

ווײַזט אויס, אַז ניט לאַנג שלאָף איך. כ׳דערהער א געשריי. פון דערשרעק פאַרוק איך זיך טיפער אונטער דער קאָלדרע און כאַפּ אַרום נאָך שטאַרקער ארלען.

— ארל!..—דערהער איכ דער מאמעס קוילעס. די מאמע כאפט מיכ ארומ, הייבט מיכ אופ: כ'האלט מיט די הענט ארומגענומענ ארלענ אונ זי גיט מיכ א הייב אינײַנעמ מיט אימ.

ארל פאלט ארויס א טויטער פונ מײַנע הענט. זײַנ פארוואָרפענע קאָפּ גיט זיכ א וויג, גיט זיכ א קלאפּ אינעמ קאנט פונ בעט.

די מאמע גיט א קוויטשע. זי לאָזט מיכ אָפּ. שרעקלעכע אויגנ בא דער מאַמענ. כ'האָב מוירע פאר איר. איר שאלעכל פאלט אראָפּ. די האָר צעלאָזנ זיכ. זי האלט זיכ מיט דער האנט בא די שלייפנ אונ שרײַט. דער טאטע שטייט אינ א ווינקל. איכ לויפ צו אונ באהאלט זיכ אינ אימ.

אונ ארומ איז שטיל; קיינער רופט זיכ ניט אָפּ. קיינער פונ אונדזערע שכיני'מ לויפט זיכ אפילע ניט צונויפ.

---

## באמ בריק

איכ בינ זייער הונגעריק. נאָר דעמ טאטנ מיט דער מאמענ זאָג איכ ניט. איכ זאָג, אז איכ בינ זאט. כ'ווארט שוינ ניט אפ דער מאמענ. עסנ געפינ איכ זיכ אליינ. מיט בולענ, מיט מײַנ כאווער, האָב איכ נאָכ נעכטנ אָפּגערעדט גיינ גאנוועט־נענ קארטאָפּליעס, סע בלײַבנ שוינ די קארטאָפּליעס אונ ס'זײַנענ שוינ פאראנ אוגער־קעס. אויב ניט אפ די גערטנער, וועלנ מיר גיינ אונטערנ שטעטל קלײַבנ שנושא־וועל, אָנרײַסנ די אונטערשטע ווײַסע שטעקעלעכ פונ לעפּעכעס אָדער כאפּנ פיש.

בולע ווארט שוינ אפ מיר הינטערנ שטוב. ער האָט מיר שוינ אָנגעקלאפּט איינמאָל אינ פענצטער. צוגעפּלעטשט זײַנ פאריסנ געזיכט צו דער שויב, פארמאכט אנ אויגל אונ א ווונק צו מיר מיט א פינגער—גערופנ מיכ אינ דרויסנ.

— אנו, בומילע—האָט אפ מײַנ מאזל אימ דערזענ דער זיידע—אזא צײַט—קענ ער זיכ ניט בארויִקנ—פייגעלעכ ליגנ זיי אינ קאָפּ... שפּילעכלעכ גייענ זיי אָפּ...

פארנ זיידנ האָב איכ קיינ מוירע ניט. פארנ טאטנ אונ פאר דער מאמענ האָב איכ שוינ לאנג קיינ מוירע ניט. נאָר כ'וויל איצטער גאָרניט ענטפערנ.

איכ בינ אפילע ניט אינ קאעס אפנ זיידנ.

דער זיידע פארלייגט די הענט אפ הינטנ, ווארעמט זיכ בא דער הרובע. אינ־דרויסנ איז זומער. די הרובע איז א קאלטע. נאָר ער שטייט לעמ דער הרובע. ער שטעלט זיכ אלעמאָל איבער פונ איינ פוס אפ דער צווייטער אונ האלט זיכ אינ איינ ווארעמענ.

מיר וווינענ באמ זיידנ. בא אונדז אינ שטוב האָבנ מיר איצטער מוירע צו וווי־נענ. דער טאטע אונ די מאמע זיצנ שיווע נאָכ ארלענ.

— לייע, האָב ראכמאָנעס,—בעט זיכ דער זיידע בא דער מאמע—וועסט אונדז אלע אומגליקלעכ מאכנ, לייע...

ער וויל ניט די מאמע זאָל וויינענ. מע קענ נאָכ דערהערנ אינ דרויסנ. מײַנ זיידנס שטוב שטייט לעמ סאמע שליאכ.

איבערנ שליאכ, צווישנ צוויי רייענ נידעריקע פארשלאָסענע הײַזער, האלטנ

אינ איינ פאָרנ די פאָליאקנ. פונ די הארמאטנ ציטערנ די שויבנ אינ די פענצטער. סע גייענ אסאך פוסגייער. אלע גייענ זיי מיטנ שליאך צו דער סטאנציע. דאָרטנ גרוזעווענ זיי זיך אינ די וואגאָנעס.

— אויסקויקלענ זאָלנ אייַך,—שילט דער זיידע די פאָליאקנ,—איר זאָלט אהינ ניט פארגייענ אונ צוריק ניט קומענ!—אונ דער זיידע שפּייַט אויס אונ זאָגט זיך אלייג „אָמיינ".

איך שטעל זיך אוועק הינטערנ פאָרהענגל. איך זע ווי זיי גייענ אונ פאָרנ, די ווייַסע פאָליאקנ. נאָר שעלטנ שעלט איך ניט.

כ׳וואָלט געוואָלט איצטער זייַנ א רויטארמייער, אומקערנ זיך א פארווונדעטער פונ א שלאכט, רייַסנ איבער קערפּערס פונ די ווייַסע פאָליאקנ אפ א שווארצנ פערד, פאָרנ איבערנ שטעטל אונ מייַנ גאנצער קאָפּ זאָל זייַנ פארבאנדאזשעוועט אינ ווייַסער, מיט בלוט־פארפלעקטער מארליע.

— נאט—וואָלט איך געזאָגט—אז אלע קינדער וואָלטנ מיר מעקאנע געווענ. דערוואקסענע מענטשנ וואָלטנ מיך ארומגערינגלט אונ די קאָמיסארנ אליינ וואָלטנ מיר געדריקט די האנט...

איך בינ נאָך זייער א קליינינקער אונ וויל זייער זייַנ א גרויסער!
כ׳וויל זייער אונ זייער, ס׳זאָל עמעצנ באנק טאָנ פאר מיר!

דער טאטע אונ די מאמע זיצנ אפ דר׳ערד. זיי זיצנ אינ די זאָקנ. אפנ דיל ליגנ עטלעכע קישנס. די מאמע איז אָנגעטאָנ אינ שווארצנ. אונ ווייַל די מאמע איז אָנגעטאָנ אינ שווארצנ איז זי נאָך קלענער אונ דארער ווי אלעמאָל.

די לינקע איבערגעבראָכענע האנט אינעם ווייַסנ גיפּס ליגט אפנ שווארצנ קלייד. איר קליינינקער אויסגעטריקנטער פּאָנעם איז ווייַס.

זי וויינט ניט, די מאמע. זי האָט אָנגעשפּארט די רעכטע האנט אפ דער קני. אפ דער האנט האָט זי אָנגעשפּארט דעם קאָפּ. זי וויגט זיך פאמעלעכנ־פאמעלעכנ אפ לינקס אונ אפ רעכטס.

ווי לאנג, זאָגט די מאמע אונ קוקט מיט אירע שווארצע בלישטשענדיקע אויגנ אינ איינ פּינטעלע אפ דער סטעליע,—ווי לאנג האָב איך ארעלענ אופגענייט דאָס פּליושענע בארניטערל מיטנ ווייַסנ קעלנערל... וויפל כ׳האָב אים ניט געקעמט, נאָר זייַנע קוטשערלעך, האָבנ זיך אלצ ניט געקענט אוועקלייגנ... אונ וויפל כ׳האָב אים ניט געלערנט, האָט ער אלצ ניט געקענט אויסריידנ דאָס וואָרט „לעפעלע". א „לעפעלע" האָט ער אויסגערעדט „פאלאפעלע". איך זאָג אים, ארעלע, זאָג „לע—זאָגט ער „לע"; זאָג „פע—זאָגט ער „פע"; „לע"—זאָגט ער „לע".

זאָג איך אים, ארעלע, זאָג־זשע איניינעם „לע־פע־לע". זאָגט ער, מיר זאָל זייַנ פאר אים: „פא־לא־פע־לע"...

— לייע,—בעט זיך שוינ ווידער דער זיידע—ניט די איינציקע... ניט די ערשטע זייַנענ מיר אונ ניט די לעצטע...

דער טאטע בעט אויך דאָס זעלבע. דער טאטע ליגט אָנגעשפּארט אפנ עלנבויגנ. ער האָט אפילע פארגעסנ, אז ער זיצט, אָנ א היטל. ער הייבט אופ אונ לאָזט אראָפּ די ברעמענ, עפּעס טייַנעט ער מיט זיך אלייַנ.

דער טאטע איז שוינ קימאט ענלעך אפנ זיידנ. די באָרד איז געוואָרנ ווייַסער

אונ לענגער. ארומ די אויגנ אונ ארומ דער נאָז, דאָרטנ ווו ס'וואקסט ניט די באָרד, איז דאָס געזיכט אײַנגעפאלנ. די אויגנ זײַנענ בא אימ טיפער געוואָרנ.

— ניט די אײנציקע—טרײסט זיכ דער זײדע,—ניט די ערשטע אונ ניט די לעצטע. ניטאָ קײנ שטוב אָנ אנ אומגליק. בא מײשע דעמ פוטערניק, ניט דאָ געדאכט, אנ אײנ־אונײנציקער אונ צעריסנ, זאָגט מענ, פונ אנ הארמאט. רעפאָעל דעמ שוסטערס קאדעש—אוועק מיט די „גרויסע"—אונ מע ווײסט ניט פונ זײַנ געבײנ... הײַנט יאנקל מוישע יאָסיעס, גאָלדע, בײלע, בענטשיקל... אלע, אלע... אָדער געהארגעט, אָדער אוועק מיט די „רויטע'... דיד דא באבא, קלײנווארג—געבליבנ, אלע צעלאָפנ, צעגאנגענ זיכ...

אונ דערווײַל, בײס דער זײדע פארעדט זיכ, גײ איכ ארויס אינ קיכ. שטיל־שטיל, די טיר זאָל קײנ סקריפע ניט טאָנ, עפנ איכ די שטאל־טיר. די שטאל־טיר באמ זײדנ איז זײער א גרויסע. די שטאל איז א פינצטערע. נאָר דורכ די שפארונעס פונעמ טויער שלאָגנ זיכ דורכ די פרײלעכע פאסנ ליכט אפ דער אָנגעוואָרפענער שטרוי. כ'עפנ אופ די פאָרטקע אינ טויער. איכ קוק זיכ פריִער ארומ אונ גײ ארויס.

בולע שפרינגט אופ פונ דער ערד. פונ פרײד קראצט ער זיכ מיט בײדע הענט די קײנמאָל ניט פארקעמטע סטריגעוואטע האָר. אלעמאָל ברענגט עפעס בולע. ער איז אײנמאָל אפילע געקומענ צו מיר מיט א געפײגערטער וואָראָנע. באלעגאָלעס דארפנ האָבנ געפײגערטע וואָראָנעס. זײ הענגענ זײ אופ אינ שטאל איבער די פערד. איצטער האָט בולע געהאלטנ א זיפ. די זיפ איז שוינ געווענ א צעריסענע אונ בולע האָט זי פארנײט מיט עטלעכע שמאטקעלעכ. ער האָט מיר אָנגעוויזנ אפ דער זיפ—אונ פונ פרײד ניט געקענט אויסרײדנ קײנ וואָרט.

א קלײַנדיקס, ס'קארטאָפליע־נעזל פאריסנ, אָנגעטאָנ אינ א רויט ווײַבעריש קאָפטל (א קאָפטל מיט „בופנ", וואָס איז נאָכ צו אלע צאָרעס גרויס אפ אימ) איז ער געשטאנענ פאר מיר אונ געהאלטנ די זיפ.

— געפונענ—זאָגט ער.

— נו?

— מירנ כאפנ פיש...

די זיפ איז מיר געפעלנ. געווײנטלעכ, פלעגנ מיר כאפנ פיש מיט די העמדער. נאָר מיט די העמדער איז זײער שווער צו כאפנ. מיט ווענטקעלעכ כאפנ—קענ איכ אזויפיל ניט זיצנ. מע זיצט אונ מע זיצט. מע זיצט אונ מע זיצט. אונ די פיש—כאָטש הארגעט זײ, ווילנ זײ ניט גײנ אפנ ווערעמל. אונ דערלעבט מענ שוינ יאָ, איז דאָס א פיאווקע אָדער א וויונ.

א וועלט מיט פיאווקעס אונ מיט וויונעס זײַנענ פאראנ אינ אונדזער טײַכ. נאָר א וויונ איז ווי א וואָרעמ—א גרויער, א לאנגער, א פיסקל מיט וואָנסעלעכ, אונ האָט ניט קײנ בײנער. וויונעס קענ איכ ניט אָנקוקנ. איכ קענ אויכ ניט אָנקוקנ די „גאָלאָוואסטיקלעכ". גאָלאָוואסטיקלעכ—זײַנענ קײַקעלעכ מיט וײדעלעכ. פונ זײ ווערנ פרעש, גרינע פרעש מיט אויסגעראטשעטע אויגנ.

אמאָל אינ א יויוול כאפט מענ א פלאָטעצע. אויכ ניט קײנ גרויסע. ס'א קײַלעכיק פישל מיט בולבעוואטע אײגעלעכ אונ מיט זילבערנער ליסקע. דערפאר זײַנענ דאָ

אסאך קליינינקע, לענגעכיקע פישעלעך, ווי הערינגלעך, וואָס זיַינען גרויס, ווי א פינגערל. זיי וואקסן גאָרניט אויס. אין טיַיך שווימען זיי שטענדיק בינטלעכוויַיז. די דאָזיקע פישעלעך כאפ איך וויפל איך קען נאָר.

איך כאפ זיי אָן א פול קעסעלע. כ'לויף מיט זיי אוועק אהיים. כ'לייג זיי אוועק אפ א סקאָוורעדע (מיַין מאמע נוצט שוין גיט דעריבער די סקאָוורעדע) און פרעגל זיי אונטער. איך פרעגל זיי אפ גאָרניט, וויַיל ס'איז ניטאָ אפ וואָס. די ביַיכעלעך שניַיד איך ניט אופ. בולע זאָגט, אז זיי האָבן אפילע קיין קישקעלעך ניט. אבי זיי ג'יבן זיך א פרעגל אונטער, אזוי עס איך זיי אופ.

קיין גרויסע פיש זיַינען בא אונדז ניטאָ. ס'איז בא אונדז זייער א שמאָל און זייער א שטיל טיַיכל.

כאָטש, ס'איז ניט קיין טיפ טיַיכל, דאָך ווי איך גיי אריַין, ווערן מיַינע פיס פאהריזנעט, די וואסער ווערט אינגאנצן מוטנע. איך ווער אזוי בלאָטיק, אז ווען איך קום אהיים, מיינט די מאמע, אז איך בין ארויסגעקראָכן פון א קוימען.

נאָר פאראן ערטער, ווו דער טיַיך איז א ברייטער. דאָס איז אונטער די טאָ־פאָליעס, דאָרטן ווו סע געפינט זיך דער גרויסער איַיזנבאן־בריק.

צו דעם דאָזיקן בריק גיי איך מיט בולען.

אויסער אונדזביידע גייט קיינער ניט. א הונט לויפט נאָר דורך אמאָל, פארוקט דעם עק צווישן די פיס, און פארקריכט אונטער א גאנעק. פון ווו־ניט־ווו הילכט א שיסערײַ. עמעצער דערהערט אין א שטוב, ווי איך רייד מיט בולען — סע רוקט זיך אָרויס אפ א רעגע א דערשראָקן פאָנעם. עמעצער גיט א קוק אפ אונדז, שפיַיט אויס און באהאלט זיך. אסאך היַיזער זיַינען פארקלאפט. מע איז זיך צעלאָפן. מע האָט מוירע. מע באהאלט זיך. מיר קענען גיין וווהין מיר ווילן — מיר קענען רײַסן עפל אין די סעדער, גאנווענען אין די גערטנער, ס'איז קיינער ניטאָ.

איך און בולע האָבן קיין מוירע ניט. בולע איז פון א דאָרף. אין דאָרף האָט מען זיַין טאטן און זיַין מאמע און זיַין שוועסטערל דערהארגעט. וווינט ער בא זיַין באבען. פאר דער באבען האָט בולע קיין מוירע ניט. וואָס בולע וויל, דאָס טוט ער. ער קען אפילע נעכטיקן אפן גאנעק, קיינער זאָגט אים גאָרניט.

מיר האָבן נאָר מוירע פארן שליאך וואָס פירט צו אונדזער וואָקזאל. אז מע גייט ארויס פונעם שטעטל און מע וויל ארופקומען אפן פעלדער־וועג, וואָס פירט צום ברעג און איז באזאָרגט בא די זיַיטן מיט טאָפאָליעס, מוז מען גיך־גיך פארביַי־לויפן לעבן שליאך. איבערן שליאך פירן די פאָליאקן הארמאטן. נאָך יעדער האר־מאט פאָרן נאָך א סאך צוויי רעדלדיקע וועגעלעך מיט סנאריאדן. נאָכדעם גייען וידער הארמאטן, פוסגייער, קאוואלעריע. זיי גייען אלע צום וואָקזאל.

די פאָליאקן גייען ניט ווי די באָלשעוויקעס. די פאָליאקן זיַינען רײַכע און האָבן וואָס צו עסן. זיי טראָגן לאנגע בליאסקענדיקע דאשעקעס. אָדלערס זיַינען זיי אָנגעטשעפעט אפ די היטלען. זייערע פערד זיַינען אויך שענערע.

בא די באָלשעוויקעס זיַינען ניטאָ אזעלכע פערד. די פערד בא די באָלשעוויקעס זיַינען אויסגעמאטערטע, מאָגערע, קלענערע. די רויטארמייער גייען אָפגעריסן.

די באָלשעוויקעס האָבן מיר אָבער ליב און די פאָליאקן האָבן מיר פיַינט.

מיר ווילנ אפילע ניט קוקנ ווי זיי גייענ. באַם סאָפּ שטעטל לויפנ מיר פארביַ דעם שליאכ אונ לאָזנ זיכ צום פעלדער־וועג, אונטער די טאָפּאָליעס.

אונטער די טאָפּאָליעס זיַנענ שוינ ניטאָ קיינ יידישע היַזער מיט שינדל־דעכער אונ אויסגעשלאָגענע שויבנ. עס שטייענ וויַסע שטיבעלעכ, געדעקטע מיט שטרוי. עס הייבנ זיכ אָנ טוווע־פעלדער. רעכטס פונ אונדז, וויַט־וויַט פארשטעלט מיט די זאנגענ, זעט זיכ דער רויטער דאכ מיט די צוויי וויַסע קוימענדלעכ פונ אונדזער קליינ שטיינערנ וואָקזאלעכל.

הויכע אונ זייער גראָבע טאָפּאָלנ— די צוויַגנ אויסגעצויגנ ארופ צו צום הייסנ זומערדיקנ הימל, פארשטעלנ פונ ביידע זיַטנ דעם פעלדער־וועג. דורכ וועלכנ מיר גייענ.

די טאָפּאָלנ זיַנענ פול אונ פול מיט ראָבנ. דאָ לעבנ זיי. אלע צוויַגנ זיַנענ באדעקט מיט זייערע קיַלעכיקע נעסטנ. די ערד אונטער דיביימער, די צוויַגנ,— אלצ איז דאָ וויַס פונ זייער מיסט.

גליַכגילטיק קענענ מיר ניט דורכגיינ. בולע גיט אינ זיי א וואָרפ א שטיינ— ס׳ווערט א מוירעדיקע קראקעריַ. זיי הויבנ זיכ אופ איבער די ביימער, פליִענ אוועק, קערנ זיכ אום, קענענ זיכ לאנג־לאנג ניט באַרויִקנ.

אונ שטענדיק איז דאָ אזוי. דעם גאנצנ זומער וווינענ זיי דאָ. אז סע ווערט הארבסט, פארלאָזנ זיי די טאָפּאָלנ אונ פליִענ אוועק אפ די פעלדער פּראווענ כאַסענעס. סאָפּ הארבסט פארלאָזנ זיי די פעלדער אונ קליַבנ זיכ איבער אינ שטעטל, איבערהויפּט אפנ קלויסטער. ראָבנ, סאראָקעס, גאלקעס היטנ דעמלט אָפּ די טירנ אונ ווי א היישעריק ווארפנ זיי זיכ ארופ אפ יעדער פּאָמעניצע, וואָס מע גיסט ארויס.

פרילינג פליִענ זיי אוועק צוריק אינ די טאָפּאָליעס.

אזוי האָבנ מיר גאָרניט צו די וואָראָנעס, נאָר מיר האַבנ זיי פיַינט, וויַל זיי זיַנענ שווארצ אונ וויַל זיי קראקענ. מע עסט זיי אפילע ניט. בולע האָט שוינ געפּרוווט, זאָגט ער, אז ראָבנ־פלייש איז אזויווי קאלאָשנ.

מיר גייענ אראָפּ פונ וועג, פארקערעווענ אפ רעכטס, אינ טאָל אריַנ.

מיט א קוים איַנגעטראָטענער פעלד־סטעזשקע לאָזנ מיר זיכ צום בריק. די סטעזשקע איז פארוואָקסנ מיט איינציקע אופגעגאנגענע זאנגענ, מיט קוסטעס, קווייטעלעכ אונ מיט „פּאָדאָראָזשניקעס“.

ארום אונדז כוואליעט זיכ קאָרנ. אונ ווו־ניט־ווו זעענ זיכ צעוואָרפענע ביימער, ווילדע פעלד־בארלעכ אונ איינצלנע קוסטעס.

נעענטער צום בריק זיַנענ שויג קיינ זאנגענ ניטאָ. אפ דער נידעריקער ערד וואקסנ נאָר אָסאָקע, לעפּעכעס, ווערבעס, וואָס שפּיגלענ זיכ אינעם אומבאוועגלעכנ לויטערנ טיַכל.

צווישנ די ווערבעס אונ דעם הויכנ לאָנקע־גראָז ציט זיכ דער הויכער אָנשיט פונ דער איַזנבאנ־ליניע. דער אָנשיט איז פונ זאמד. א געלער, מיט גלאנצנדיקע צוויי רעלסנ אונ מיט א סעמאפאָר, ציט זיכ דער אָנשיט ערגעצ אינ דער וועלט אריַנ. לעם סעמאפאָר הייבט זיכ אָנ דער בריק. דער בריק איז זייער א שיינער. ער שטייט אפ צוויי הויכע שטיינערנע „ביקעס“. פונ ביידע זיַטנ—איַזערנע פּארענ־

טשעס. שטענדיק היט מען אימ, דעמ בריק. איצטער היט אימ א פּוילישער סאָלדאט. די סטעזשקע, וואָס פירט צו אימ איז א שמאָלינקע. בולע גייט דער ערשטער און איכ ביי פונונטן. פונ זינט מיר האָבנ אָנגעהויבנ גיינ מיט דער סטעזשקע זעענ מיר גאָרניט. מיר זעענ אפילע זיכ אליינ ניט ארויס. מיר זעענ נאָר די געדיכטע קעפּעלעכ פונ קאָרנ, די גרינלעכע שטענגעלעכ פונ די זאנגענ. א סאכ־א סאכ קאָרנ־שוועסטערלעכ זעענ מיר נאָכ צווישנ די שטענגעלעכ. מער זעענ מיר גאָרניט. און וויַל מיר האָבנ גאָרניט געזענ, איז עס געשענ.

בולע איז געגאנג פאָרפריַער. און בולע האָט פונ שטענדיק א נאטור שמעקנ מיטנ נעזל, און שטענדיק זוכנ עפּעס.

דאָס סטעזשקעלע האָט זיכ פונקט פארקרעוועט. באמ אָרט, ווו סע פארקרעוועט זיכ דאָס סטעזשקעלע, וואקסנ קוסטעס, וועלכע מיר האָבנ ניט אָנגעזענ צוליב די זאנגענ.

בולע האָט פארקרעוועט און איז שטיינ געבליבנ. בולע האָט זיכ א דריי געטאָנ צו מיר, אויסגעראטשעט די אויגנ און פארשטעקט זיכ דאָס מויל מיט דער האנט. כ'בינ צוגעגאנגענ נעענטער און אויכ דערזענ. סע רעדט זיכ דערזענ, כ'האָב געמיינט, אז איכ שטארב פונ דערשרעק.

א מענטש איז געשטאנענ אונטערנ קוסט צו אונדז מיט דער פּלייצע. געשטאנענ מיט א בינאָקל און געקוקט צומ בריק.

בא בולענ איז ארויסגעפאלנ די זיפּ פונ דער האנט. די זיפּ האָט זיכ א קלאָפּ געטאָנ אינ דער ערד און אפ אונדזער אומגליק זיכ גענומענ קיַקלענ.

דער מענטש האָט אופגעציטערט. די היטל איז אימ אראָפּגעפאלנ. ער האָט זיכ צוגעזעצט, זיכ א דריי געטאָנ צו אונדז, א רוק געטאָנ די האנט אינ קעשעניע. עפּעס שטאָלנס קלינגענדיקס האָט זיכ דערהערט אינ דער שטילקיַט.

ער רירט זיכ ניט. מיר רירנ זיכ אויכ ניט. דער מענטש קוקט אפ מיר, ציט אריַנ דעמ קאָפּ אינ די אקסל. זיַנע אויגנ זיַנענ ברייט צעעפנט. די וויַסלענ קריכנ אימ פונ די אויגנ־לעכער. די קיַלעכלעכ פונ די שווארצאפּלענ ברענענ. די ברעמענ זיַנענ אופגעהייבנ. דער שטערנ איַנגעקנייטשט. די אונטערשטע ליפּ פארביסנ.

איכ קוק אפ אימ און ער קוקט אפ מיר. איכ קוק אפ אימ און ער איז מיר זייער קענטלעכ.

צוביסלעכ לאָזנ זיכ אראָפּ בא אימ די ברעמענ. זיַנ שטערנ ווערט גלאטער. די אויגנ ווערנ פארוווּנדערטער, קלענער. נאָכדעמ ווערנ זיי ווידעראמאָל גרעסער, ווערנ פריילעכער.

— עכ, אינ דר'ערד,—גיט ער זיכ מיטאמאָל א קראצ אינ קאָפּ — אָשערל, א געזונט! נאָכ פיש, הא?

— מא־מא-אגיד! לויפ איכ צו. און וויַל איכ בינ דערשראָקנ, און וויַל ס'איז מיר זייער גוט, טאקע דערפאר וויַל ס'איז מיר זייער גוט געוואָרנ, פיל איכ, אז איכ קענ ניט אויסהאלטנ, אז ס'זיַנענ מיר פול געוואָרנ די אויגנ. ס'איז אָבער ניט שיינ. ס'איז ניט שיינ, אזא ייִנגל ווי איכ זאָל וויינענ.

— ארל שוינ ניטאָ—טוליע איכ זיכ צו צו אימ. איכ זאָג עס, קעדיי ער זאָל מיינענ, אז איכ וויינ צוליב ארלענ.

— נ־דא-דא—גיט ער א קוק אפ מיר. מאגידס פּאָנעם ווערט אָנגעכמורעט. ער בלײַבט זיצנ מיט בײדע הענט ארומגענומענ די קניעס.

בולע האָט זיכ אויכ אוועקגעזעצט. ער קוקט אפ מיר, אפ מאגידנ—שמאָרעט מיטנ נעזל אונ קאלופּעט די ערד מיט א פינגערל.

איכ קוק זיכ ארום. איכ דערזע ווי צווישנ אונדזערע קוסטעס, אינ א גרוב, שטײט מאגידס אָנגעזאָטלטער פערד. דאָס פערד איז צוגעבונדנ. ס׳איז הײס דעם פערד. עס האָט אויסגעצויגנ דעם האלדז אונ מאכט ארופ אונ אראָפּ מיטנ קאָפּ. עס קלינגט מיטנ צײמל אונ ס׳צײמל איז אָנגעפּײַפּט מיט שוים, ווי מיט סמעטענע.

לעמ מאגידנ ליגט א ביקס. מאגיד זעט שוינ ניט אויס, ווי ער האָט אויסגעזענ אמאָל. זײַנ פּאָנעם איז פארוואקסנ אונ ניט געגאָלט. זײַנ לענגלעכ שמאָל געזיכט איז פארוואקסנ מיט שווארצע שטעכלקעס. זײַנע אויגנ זײַנעג רויטלעכ אונ דער שטערנ איז נאס אונ גלאנצט. איבערהויפּט וווּנדערט מיכ אָבער, וואָס מאגיד גײט אזוי אָנגעטאָנ. פריִער איז ער געגאנ אינ בלויע הויזנ גאליפע. זײַנע הויזנ זײַנענ געווענ אונטערגענײט מיט געלע לעדערנע „לײעס". ער האָט געטראָגנ א גרינ העמדל מיט רויטע אָנגענײטע פּאסיקלעכ. אפנ העמדל האָט ער נאָכ געטראָגנ א לעדערנ פּידזשאקל. א קלײנ רעוואָלווערל האָט ער נאָכ געטראָגנ אפנ רימענ. איצטער איז מאגיד אָנגעטאָנ אינ א פארלאטעטנ פּידזשאק. איכ דערקענ זײער גוט, אז ס׳איז מײַנ טאטנס קאָרטענער פּידזשאק, אונ מײַנ טאטנס ברײטע געלאטעטע הויזנ. דער פּידזשאַק איז זײער ברײט אפ אים, די הויזנ אויכ. ס׳טוט מיר בעעמעס באנק.

— כאווער מאגיד,—באטראכט איכ אים פונ קאָפּ ביז די פיס,—פארוואָס גײט איר ניט אינ גאליפע? פארוואָס טראָגט איר מײַנ טאטנס פּידזשאק?

— הא?—כאפּט ער זיכ אופ—ס׳איז גאָרניט... אונ דו, אָשערל, ביסט דאָכ עפּעס א ספּארטאקאָוועצ... א גרויס ייִנגעלע... איז ווער האָט פארנומענ אונדזער שטעטל?

— די בורזשויענ,—זאָגט בולע.

— די פּאָליאקנ,—ענטפער איכ אונ רוק זיכ צו נעענטער צו מאגידנ.

— אונ אז די פּאָליאקנ זײַנענ אינ שטעטל, אונ אז אינ שטעטל וועלנ זײ זעענ א מענטשנ מיט א רויט שטערנדל, איז וואָס וועלנ זײ טאָנ דעם מענטשנ?

— הארגענענ וועלנ זײ אים, כאווער מאגיד.

— ניט הארגענענ,—זאָגט בולע. בולע איז געווענ אײנמאָל באם וואָקזאל. בולע דערצײלט ווי ס׳איז דאָרט געבליבנ א קיטאיעצ. א קיטאיעצ מיט א רויט שטערנדל אונ אינ גאליפע־הויזנ. האָבנ די פּאָליאקנ אים געכאפּט אונ מיט א מעסער אים אויסגעשניטנ א רויטנ שטערנ אפנ הארצנ.

— איז פארוואָס, כאווער מאגיד, זײַנענ אלע באָלשעוויקעס אוועקגעגאנגענ אונ איר זײַט געבליבנ?

— ע, אָשערל! אזוי גאָר! פארוואָס געבליבנ?..—אונ מאגיד קנײטשט זיכ,—ער זאָגט מיר, אז דאָס פערד איז מיד, אז ער איז אנשלאָפנ געוואָרנ... אז... אז...

נאָר עפּעס קענ עס ניט זײַנ. אז די רויטע ארמײ איז אָפּגעטראָטנ, זײַנענ אלע אוועקגעגאנ. מ׳איז געגאנ צופוס. מ׳איז געפאָרנ מיט פורנ. נאָר די קלײנינקע אונ נאָר די אלטע זײַנענ איבערגעבליבנ...

— און דו,—מאכט ער מיטאמאָל צו מיר,—פארוואָס ביסטו געבליבן?

— איך בין נאָך א קליינינקער, אז כ'וועל ווערן אַ גרויסער, וועל איך אויך אוועקגיין מיט דער רויטער ארמיי, אויך ניט בלײַבן בא די פּאָליאקן...

— וואָ־אָס?—פארזשמורען זיך בא מאגידן די אויגן און נאָר ארום מויל ווערט פול דאָס פּאָנעם מיט געלעכטער,—וואָס האָסטו, אָשערל, געזאָגט?

— כא־כא—צעלאכט ער זיך פריילעך. נאָר פארכאפּט זיך מיטאמאָל,—וואָס? די פּאָליאקן, מיינסטו, וועלן נאָך דערלעבן דיך זען אן אויסגעוואקסענעם?!. ניין אָשערל,—מאכט ער צו מיר מיטן פינגער,—ניין!.. זיי זאָלן אפילע אײַנעמען די מיסע־מעשונע...

— הא? און דו וואָס זאָגסט, יאט?—גיט ער א קוק אף בולען.

— איך הייס בולע,—ניט יאט,—און בולע איז צופרידן. אז בולע איז צופרידן קנייטשט זיך בא אים דאָס נעזל. כי—מאכט ער, ער איז ניט געוווינט, גרויסע מענטשן זאָלן גוט מיט אים ריידן.

— קומט אויס, הייסט עס, אז איר בענקט נאָך די באָלשעוויקעס? אוואָדע!

— אוואדע—שפּרינג איך אוף—כ'האָב פּײַנט די פּאָליאקן... פּײַנט האָב איך זיי... איך שטעל זיך אוף. כ'מאך מיט די הענט, אז כ'האָב זיי פּײַנט, און ווען איך וועל ווערן א גרויסער...

— ש־שא,—שלעפּט מיך מאגיד צו צו זיך,—זעצ זיך אוועק.—מאגיד ציטערט אוף פון מײַן הויך רעדן. ס'איז בא מיר אזא געווינשאפט—כ'רעד הויך און זייער גיך.

— אָשערל,—גיט מיר מאגיד צו פארשטיין,—מע דארף זיצן, באהאלט זיך אין שאָטן. מע טאָר ניט שטיין אף דער זון. מע טאָר ניט שרײַען, ס'הויבט אָן זייער וויי טאָן דער קאָפּ.

מיר ליגן אינדרײַען אונטערן קוסט. א זאנג שורעוועט זיך אין א זאנג. ווי אלעמאָל אין הייסע זומערדיקע טעג, טראָגן זיך אינדערלופטן ווײַסע פעדעמער פון שפּינוועבס. א לערכע־פייגעלע, מאכנדיק גיך־גיך מיט די פליגעלעך, הענגט עטלעכע רעגעס אינדערלופטן, און נאָכדעם גיט זיך עס א וואלגער—און בלײַבט ניט אין דער טוועך. פרעש רופן זיך איבער פונעם נאָענטן טײַכל. סע הייבט אָן איינער, א צווייטער, א דריטער.

מאגיד ליגט אפן רוקן. ער האָט אונטערגעלייגטביידע הענט אונטערן קאָפּ און קוקט אין הימל ארײַן.

— א ווויל לאנד אוקראינע,—עך, א ווילדס, קינדער,—און דרייט זיך איבער מיטאמאָל, בלײַבט ליגן אפן בויך, שפּארט אונטער מיט ביידע הענט דאָס פּאָנעם:

— א סאך פּאָליאקן אין שטעטל?

— אוך, א סאך—ענטפער איך.

— הארמאטן,—זאָגט בולע.

— א סאך הארמאטן.

— א סאך פערד.

— בעסערע פערד ווי בא די באָלשעוויקעס,—שרײַט בולע און איז צופרידן,

וואָס מאגיד דערפרעגט זיכ בא אימ,—זיי פאָרנ צומ וואָקזאל. גרוזעווענ זיכ אינ רויטע וואגאָנעס. אינ וואגאָנעס מיט ברייטע טירנ...

— אונ אפ פלאָשטשאדקעס...—וויל איכ ניט, בולע זאָל אליינ אויסדערציילנ.

נאָר מאגיד הערט אונדז עפעס ניט. ער שטעלט זיכ אוועק אפ די קני. ער קוקט זיכ אומ. דורכ די שיטערע לענגעכיקע בלעטער פונ די איווע־קוסטעס זעט זיכ דער סעמאָפאָר אונ דער אײַזנבאנ־בריק. הינ אונ צוריק גייט אומ איבערנ בריק א סאָל־דאט. פונ דער ווײַטער סטאנציע הערט זיכ אינ דער שטילקײַט, ווי סע קלינגענ זיכ איבער די וואגאָנעס מיט די בופערנ. א צוג פײַפט פונ דאָרטנ. זייער לאנג שטארבט אָפ דער פײַפ אינ דער שטילער זומערדיקער לופט.

מאגיד ווערט אומרויק. ער פארקאטשעט דעמ ארבל. אפנ האנט טראָגט ער א גרויסנ זייגער. ער גיט א קוק אפ אימ. גיט נאָכאמאָל א קוק. ער קריכט צו צומ פערד, בינדט אימ אָפ, בינדט אימ צוריק צו. ער רײַסט אָפ א פרוטיקל, קוקט אפ אונדז, באמערקט אפילע ניט, אז ער צעברעכט דאָס פרוטיקל אפ קליינע-קליינע שטיקעלעכ.

— איז וואָס,—זאָגט ער,—וואָס זיצט איר? וואָס גייט איר ניט כאפנ פיש?

— מירנ באלד גיינ. באלד,—זאָג איכ אימ, אונ כ'פארשטיי ניט, וואָס באטראכט ער מיכ אזוי.

— ניינ!—ווערט מאגיד בייז אפ אונדז—צומ בריק דארפ מענ ניט... מע טאָר ניט... ניט שיינ איצטער כאפנ פיש...

בולע הייבט זיכ אָנ דרייענ, נעמט די זיפ זאָגט, אז ער וועט גיינ צומ בריק. מאגיד איז עפעס זייער ניט צופרידנ.

— איז בעסער א נאהײַקע,—זאָגט פלוצעמ מאגיד,—אָשערל, איכ דארפ נייטיק האָבנ א נאהײַקעלע... קענסט דאָכ פלעכטנ אראפנעקלעכ פונ—טעלעפאָנ־דראָט?

כ'פארשטיי ניט וואָס עפעס טעלעפאָנ־דראָט. מיר האָבנ דאָכ גערעדט פונ פיש. אונ סע וווּנדערט מיר נאָכ אפ מאגידנ—ס'איז דענ מעגלעכ קריגנ בא די פאָליאקנ טעלעפאָנ־דראָט?

— וואָס?—דערפרייט זיכ מיטאמאָל מאגיד—איר האָט ניט קיינ טעלעפאָנ־דראָט? עכ, אָשערל, אָשערל, אונ נאָכ א ספארטאקאָוועצ.

דערהערט וועגנ טעלעפאָנ־דראָט, קענ איכ ניט אײַנזיצנ. בולע ווייסט ניט ווו זיכ אהינצוטאָנ פונ פרייד. סארא קויעכ שטעקט עס אינעמ דראָט. אונ ניט נאָר אינ דראָט. סאָלדאטישע היטלענ, שטערנדלעכ, קוילנ, גאז־מאסקעס, שפיזנ פונ ביקסנ, „אָסקאָלקעס" פונ שראפנעלנ, הילזעס—אלע, אלע זאכנ, מיט וועלכע מע האָט צו טאָנ אינ מילכאָמעס, באגײַסטערנ מיכ אונ איכ שטארב נאָכ זיי.

נאָר מאגיד ציט די נעשאָמע. ער קוקט אפ אונדז לאנג־לאנג. זײַנ פאָנעמ ווערט פריילעכער. אונ עפשער גאָרניט פריילעכער.

— ניט געכאפט זיכ, יאטנ! דער דראָט וועט אײַכ סטײַענ אונ סטײַענ. גאָר פאר־געסנ,—גיט זיכ מאגיד א רײַב דעמ שטערנ,—דעמ טײַכ ארומ בריק ווייסט איר דאָכ, הא?

ס'איז פאָשעט א געלעכטער. שײַעכ צו מיר וויסנ דעמ טײַכ. בולע צעלאכט זיכ אפילע.

— אוואדע—אונ ער רוקט זיכ נעענטער צו מאגידנ.

— פארשטייט זיכ—זאָג איכ—אז מיר ווייסנ.

— אויב אזוי, איז זייער גוט. נאָר ניט געכאפט, קינדער, אָבער ווײַזט מיר דעמ הוישײַנע־בוימ, וואָס לינקער פונ בריק,—כ'מיינ יענעמ—דעמ אלטנ איווע־בוימ, וואָס איז אונטנ אויסגעהוילט. זײַנע וואָרצלענ—ווייסט איר? זיי סטארטשענ אונטערגע־שווענקענע פונ דער וואסער? איר ווייסט אימ, דעמ איווע־בוימ?

— איענער, ענטפער איכ—וואָס נאָר צוויי הוישײַנע־ביימלעכ—וואקסנ ארויס פונ אימ?

— כ'ווייס—זאָג איכ. אונ בולע זאָגט אויכ, אז ער ווייסט.

— ס'איז דאָכ אָבער ווײַט—ס'איז דאָכ זייער ווײַט פונ בריק, כאווער מאגיד.

מאגיד הייבט זיכ ווידעראמאָל אָנ אומקוקנ. זײַנע אויגנ ווערנ גרעסער. דאָס פּאָנעמ—שטרענגער. ער רעדט אָפּגעהאקטער, צענעמט די צווײַגנ, נעמט ווידער קוקנ אפנ בריק.

סע גיבנ א שורעווע די בלעטער. ס'גיבנ זיכ א כוואליע ארומ אונדז די זאנגענ. מאגידס פערד גיט א טרייסל מיטנ קאָפּ. דעמ פערדס צײַמל גיט א קלונג אינ דער שטילקײַט.

מאגיד נעמט אימ אָנ בא דער מאָרדע. ער האלט אימ צו.

— איז אָט, דאָרטנ טאקע, לעמ הוישײַנע־בוימ איז דער דראָט... זייער א סאכ. נאָר... איר ווייסט... איר האָט דאָכ געזענ... די ראָוויטארמייער, אז זיי דארפנ אופ־וויקלענ דראָט, איז אפ א „קלעצעלע“.

— יאָ—זאָג איכ אימ נאָכ סוידעסדיק—מע דרייט א הענטעלע. אז מע דרייט דאָס הענטעלע, דרייט זיכ אָנ דער דראָט.

— אָט־אָט, אלצדינג ווייסטו, אָשערל. נאָר מיט די הענט ניט שלעפּנ. שלעפּנ טאָר מענ ניט. מע דארפ דעמ דראָט אופדרייענ אפנ „קלעצעלע“, נאָר מע דארפ עס טאָנ שטיל. איר הערט, קינדער, זייער שטיל. די פּאָליאקנ זײַנענ שלעכטע. זיי גייענ אומ אפנ בריק... אינ לאָכ פונעמ איווע־בוימ ליגט דאָס „קלעצעלע“. איר וועט דרייענ דאָס הענטעלע, וועט זיכ אָנדרייענ דער דראָט... איז גיכ, קינדער!..

איכ מיט בולענ גיבנ זיכ א הויב. מיר ווילנ זיכ לאָזנ גיינ. מאגיד נעמט אָנ מײַנ פּאָנעמ מיט ביידע הענט, ציט מיכ צו נעענטער צו זיכ:

— אָשערל, האָסט זיי פײַנט... שיווע זיצט מענ, טײַערער... נאָר זײַנ וועט אָפּגעצאָלט! אָפּגעצאָלט וועט זײַנ!..

ער קוקט מיר גלײַכ אונ די אויגנ. כ'האָב זיי נאָכ קיינמאָל ניט געזענ אזעלכע מיפע אונ טרויעריקע. ער גיט א שלעפּ צו זיכ בולענ. ער נעמט אונדז ביידנ ארומ. איכ דערפיל אפ מײַנ באק זײַנ שטעכיק ניט אָפּגעגאָלט פּאָנעמ. ער האָט מיכ, דאכט זיכ, א קוש געטאָנ.

— איז גייט, קינדער, גייט!—אונ איכ וועל ווארטנ אפ אײַכ.

ער קערט זיכ אָפּ, דרייט זיכ אויס צומ פערד, פארשוינדט.

אז מאגיד האָט זיכ אָפּגעקערט, האלט איכ זיכ קוימ אײַנ ניט אָנהייבנ לויפנ. סע ווילט זיכ מיר לויפנ. ווײַל איכ וויל שוינ גיכער זענ דעמ דראָט, אונ ווײַל ס'איז מיר זייער פריילעכ. כ'האָב זייער ליב מאגידנ. כ'האָב זייער ליב, אז דער־וואקסענע מענטשנ ריידנ מיט מיר גוט.

כ'לאָז זיכ מיט בולענ צומ בריק.

נעענטער צום בריק וואקסט שוין אסאָקע. דאָס גראָז איז הויך. סע וואקסן לעפעכעס, ווערבע־ביימלעך, קליאָנען. ביזן האלדז טרינקען מיר זיך אינעם גראָז. די ערד איז נאס, ווייך און קוועטשט זיך דורך צווישן די פינגער פון די פיס און קוויטשעט. מיר שרעקן איבער א פראָש. דער פראָש גיט זיך א וואלגער. לאנג־לאנג צעגייען זיך די רעדער איבערן וואסער. די גרויסע ברייטע בלעטער אף לאנגע דינע שטענגעלעך צעוויגן זיך אפן אויבערפלאך און נאָכדעם ווערט ווידער שטיל. און אז סע ווערט איינגאנצן שטיל, זעען מיר ווי די ביימער, דער הימל, דער אָגשיט—אלץ־אלץ שפיגלט זיך אָפ אינעם וואסער. און אלצדינג איז מיטן קאָפּ אראָפּ. אפילע איך מיט בולען. און אפילע דער בריק. די גרויסע צוויי גראניטענע „ביקעס”, וואָס האלטן אים אוף, שפיגלען זיך אָפ, און זעען אויס צוויי מאָל גרעסער. סע זעען זיך אויך די שפאלעס, די פארענטשעס אינעם טײַך. אפילע דער פוילישער סאָלדאט גייט ארום מיטן קאָפּ אראָפּ אינעם וואסער.

מיר זעען דורך די בלעטער זייער גוט דעם סאָלדאט. ער גייט זיך ארום אין בליאסקנדיקע קראגעלעך. דער לאנגער לאקירטער דאשעק שטעקט אים ווי א דעכעלע פאר די אויגן. ער האלט א ביקס אונטער דער פאכווע און קוקט. ער האלט אין איין קוקן.

אונדז אָבער זעט ער ניט, דער סאָלדאט. דאָס גראָז איז הויך און פארשטעלט אונדז, ווען מיר גייען גיך, גיך פארבײַ דעם בריק. דער גרויסער ווערבע־בוים וואקסט ניט לעם בריק. ווײַט, זייער ווײַט פון בריק וואקסט דער אלטער ווערבע־בוים.

צום בוים גייען מיר פאמעלעך. כ'הייס גאָרניט פארוואָס גייען מיר אזוי פאמעלעך. מיר ווײַזט זיך אלעמאָל אויס, אז עמעצער גייט אונדז נאָך. נאָר קיינער גייט, דאכט זיך, ניט. מיר צענעמען שטילערהייט דאָס גראָז און די יונגע איוועלעך. בולע פארבײַסט אזש א ליפּ, אזוי שטיל טוט ער עס. ס'איז שווער געפינען דעם דראָט. נאָר צווישן די וואָרצלען דערזעען מיר אים. א ווײַסער—זעט ער זיך זייער גוט אפן דנאָ פון טײַך. ער ציט זיך אף רעכטס, ערגעץ צום בריק.

— זע, צום בריק ציט ער זיך—ווײַזט מיר בולע.

ער פארקאטשעט די הויזן, גיט זיך א לאָז אין טײַך. ער רוקט ארײַן א פוס און מאכט מוטנע און בלאָטיק דאָס וואסער. דעם דראָט זעט מען שוין ניט. נאָר ס'זאָל אפילע ניט ווערן בלאָטיק, וואָלט איך אלציינס ניט געלאָזן שלעפן דעם דראָט. מאגיד האָט אָנגעזאָגט, אז דעם דראָט דארף מען דרייען אפן „קלעצעלע”, אז שלעפן טאָר מען ניט.

ביזוואנען בולע שטעקט אין וואסער, גיי איך צו צום בוים. אונטן, בא די סאמע וואָרצלען איז אין בוים א לאָך און ביז הויך־ארופ איז דער בוים אויסגעהוילט. איך גיב א קוק אהין. נאָר דאָרטן איז גאָרניט ניטאָ. א „גוסעניצע” קריכט נאָר ארויס, גיט א דריי דאָס קעפעלע און אויסציִענדיק זיך און צונויפציִענדיק זיך, קריכט זי פאמעלעכן אריבער אף א בלעטל. איך צעקוועטש זי געוויינטלעך, זי דרייט זיך א ביסעלע, גייט אָפּ מיט גרין בלוט און פייגערט. איצטער רוק איך ארײַן די הענט. כ'הויב אָן אינעם בוים צעשארן דאָס אָנגעוואָרפן גראָז, די צווײַגעלעך און נעם ארויס א מאשינקעלע, וואָס כ'האָב גאָר קיינמאָל ניט געזען. כ'האָב גאָר קיינמאָל בא די רויטארמייער ניט געזען, זיי זאָלן אף אזא „קלעצעלע” אופדרייען דראָט.

פונ גרויס פרייד קענ איכ נאָר אויסריידנ:

— בולע־ע...

בולע לויפט צו, צעעפנט דאָס מויל. ער צעעפנט עס מוירעדיק שטארק:

— א־א־אכ,—מער קענ ער גאָרניט זאָגנ.

דאָס מאשינקעלע באשטייט פונ צוויי אויסגעבויגענע, אזויווי פידקאָוועס, שטיקער שטאָל. די שטיקער שטאָל זײַנען אָפּגעלאקירט. זיי זײַנען שווארצ. אינעווייניק—מעש, וואָס גלאנצט ווי גאָלד. אינמיטנ זע איכ אנ אײַזערנ שטענגעלע, אפ וועלכנ ס'איז אָנגעוויקלט דינינקער מעשענער דראָט. הײַנט דאָס הענטעלע—א ווײַס, א ניקלס. אונ דאָ, ווו מע נעמט אָנ מיט דער האנט—א שווארצ, דאכט זיכ, א ביינערנ הענטעלע. דער טעלעפאָנ־דראָט איז אויכ דאָ. מיט צוויי שרײַפּעלעכ איז ער צוגעשרויפט צום „קלעצעלע". כ'הויב אָנ פאמעלעכנ דרייענ דאָס הענטעלע. איכ זע: אינווייניק דרייט זיכ אויכעט, נאָר דער צוגעשרויפטער דראָט דרייט זיכ עפעס ניט אָנ. בולע לאָזט מיר ניט. ער רײַסט פונ די הענט, ער וויל א דריי טאָנ. ער זאָגט, אונ בולע מיינט, אז אלצדינג ווייסט ער, אז מע דארפ דרייענ גיכ. אונ אז מע דרייט גיכ—דרייט זיכ אָנ.

מיר האָבנ זיכ שיר ניט צעשלאָגנ, אָנגעהויבנ שרײַענ איינער אפנ אנדערנ. נאָר ס'האָט זיכ דערהערט א פײַפ פונ א צוג. אלעמאָל ווענ ס'גיט א הודע א צוג, אונ איכ ריכט זיכ ניט—דערשרעק איכ זיכ. כ'האָב זיכ א הויב געטאָנ מיט בולענ. מיר האָבנ ביידע אויסגעדרײַט די קעפ. פונ רעכטס—פונעם וואָקזאל, לאָזנדיק די פארע, ווערנדיק גרעסער אונ שרעקלעכער האָט זיכ דערטראָגנ צו אונדז א לאָקאָמאָטיוו מיט א סאכ, א סאכ רויטע וואגאָנעס.

מיר האָבנ זיכ נאָר א הויב געטאָנ האָט אונדז דער סאָלדאט אפנ בריק דערזענ. ער האָט אָנגעהויבנ שרײַענ. ער לויפט אראָפּ פונ בריק. לענגויס דעמ אָנשיט, טוליענדיק די ביקס צום אקסל, לויפט ער צו אונדז. דער בריק איז ווײַט. דער סאָלדאט ווערט נעענטער אונ נעענטער. מיר וואָלטנ נאָכ געקענט אנטלויפנ. בולע האָט זיכ טאקע א וואָרפ געטאָנ אינעם גראָז, נאָר איכ האָב שוינ ניט געקענט.

כ'האָב מיטאמאָל דערזענ אונטער זיכ א רער פונ א ביקס. פונ א קוסט שטעקט די רער. די ביקס זע איכ ניט. איכ זע נאָר דאָס שווארצע שרעקלעכע לעכעלע. גיכ צענעמענ זיכ א ביסעלע די צווײַגנ. ס'גיבנ זיכ א שורעווע די בלעטער. כ'דערזע ווי מאגיד האלט די ביקס. זי איז בא אים צוגעקוועטשט צו דער באק. דאָס לינקע אויג איז בא אים פארמאכט, נאָר ס'רעכטע אויג איז אָפנ. ס'רעכטע אויג איז זייער א שרעקלעכס. סע קוקט אפנ מושקעלע. דער סאָלדאט אפנ אָנשיט לויפט. אָט איז ער שוינ נאָענט... נאָר ס'האָט מיכ פארהילכט. אונטער מיר האָט אויסגעשאָסנ. סע קלינגט מיר אינ די אויערנ. דער סאָלדאט בלײַבט שטיינ אפ א רעגע, גיט זיכ א הוידע. נעמט זיכ קײַקלענ פונ אָנשיט, גיט זיכ א פליוכע, צעשפריצט, צעוויגט ארומ זיכ די וואסער.

דעמ פליוכ אונ דעמ שאָס פארהילכט גלײַכ דער לאָקאָמאָטיוו, וואָס טראָגט זיכ דורכ פארבײַ מיר. סע שווינדלענ די וואגאָנעס אינ די אויגנ. זייערע פירעקיקע שאָטנס יאָגנ זיכ איבערנ טײַכ. סע יאָגנ זיכ רויטע וואגאָנעס. די טירנ זײַנענ צעעפנט. אפ די פלאטפאָרמעס, צווישנ די וואגאָנעס, שטייענ הארמאטנ, קוילנוואָרפערס. די

וואגאָנעס זײַנען אָנגעשטאָפּט מיט מיליטער. פּענעמער, פּרענטשנ, היטלענ מיט גלאנציקע דאשעקעס שווינדלענ פאר די אויגנ.

דער צוג איז שוינ דורכ. א שווארצער געדיכטער רויכ שפּרייט זיכ איבּערנ אָנשיט, איבּערנ טײַכ. דער לאָקאָמאָטיוו ועט שוינ באלד ארופּ אפנ בּריק. איכ זע שוינ דעמ לעצטנ וואגאָנ.

— אָשערל,—הער איכ, דאכט זיכ, ווי מאגיד רופט מיכ.

מאגיד שטייט פונדערווײַטנס. ער שמייכלט צו מיר. ער וויל מיכ בּארויִקנ. כ'בּינ, ווײַזט אויס, דערשראָקנ. זײַנ פּאָנעמ לאכט ארומ מויל, נאָר די בּרעמענ זײַנענ אופגעהויבּנ. דער שטערנ אײַנגעקנייטשט, די אויגנ גרויסע, שרעקלעכע.

ער רוקט די קאָפּ אינ די אקסל, האלט צו מיט איינ האנט דאָס מויל און מיט דער אנדערער דרייט ער אינדערלופטנ, דאָס הייסט, איכ זאָל דרייענ דאָס „קלעצעלע".

כ'הייבּ אָנ דרייענ דאָס „קלעצעלע". כ'וויל שוינ גיכער אָנדרייענ דעמ דראָט און אנטלויפנ. איכ דריי, און דאכט זיכ, אז סע בּליצט. דער לאָקאָמאָטיוו, הער איכ שוינ, איז אפנ בּריק. אפנ בּריק קלאפּנ די רעדער שטארקער, קלינגענדיקער, איידער אפנ אָנשיט.

כ'דריי דאָס „קלעצעלע". איכ דריי. איכ דריי גיכ־גיכ... איכ גיבּ נאָר א גיכנ דריי און ס'גיט מיר א וואָרפ אונטער. אפנ בּריק—א וואָלקנ. סע דונערט. סע וויגט זיכ די ערד. אינ געלע, אינ בּרוינע רויכ־קנוילנ רײַסט זיכ, סע ליאזגעט, שיסט דער בּריק. סע שפּרינגענ די וואגאָנעס. דער איבּערגעקערטער לאָקאָמאָטיוו דרייט זיכ מיט די רעדער אינדערלופטנ. עס האָט זיכ אופגעריסנ דער בּריק.

עמעצער גיט מיכ א שלעפּ. מע ציט מיכ פאר דער האנט. ס'איז דאכט זיכ, מאגיד.

— ווארפ אוועק דעמ דינאמיק.

— וואָסער דינאמיק?

ער לאָזט מיכ אָפּ. כ'לאָז זיכ לויפנ נאָכ אימ. נאָר מאגיד איז שוינ ניטאָ. כ'דערזע אימ נאָר פונוווײַטנ. ער זיצט רײַטנדיק. ער גיט זיכ צו מיר א דריי אויס, גיט א מאכ מיט דער האנט. ער יאָגט דורכ די טווע־פעלדער. ער בּאווײַזט זיכ א ווײַלע און ווערט פארטרונקענ אינ די זאנגענ. נאָכדעמ דערזע איכ אימ איינ רעגע נאָכאמאָל. ווי א שווארצ קײַקעלע זעט ער זיכ אינ פעלד—און ווערט פארפאלנ באמ האָריזאָנט.

פונ בּולענ זע איכ שוינ נאָר די פּיאטעס. ער לויפט און וויינט. ער בּארירט ניט די ערד. ער לויפט און איכ נאָכ אימ. איבּער די טאָפּאָלנ איז די לופט שווארצ פונ די ראָבנ. די ראָבנ שרעקנ זיכ. ס'הערט ניט אופ טראכקענ הינטער אונדז. סע בּרענען די וואגאָנעס, זיי רײַסנ זיכ הילכיק אופ.

כ'ווייס ניט, ווי איכ בּינ ארײַנ. נאָר איכ בּינ אינ שטוב. כ'קענ ניט ריידנ. די מאמע נעמט מיכ ארומ. כ'זע קיינעמ ניט. איכ שרײַ נאָר:

— געדרייט... סע שיסט...

די מאמע שרײַט. מײַנ מאמע האָט געהאט זעקס קינדער און געבּליבּנ מיט איינ קינד.

— אָשערל—שרײַט זי. עפּעס שרײַט זי נאָכ, נאָר מער הער איכ נאָרניט.

---

מ. גרוביאנ

# לידער

1

ווער האָט וועגנ גוירל פונ דעם יונג געטראכט,
זײַנ פּאָנעם געווענ איז פארשווארצט ווי די נאכט.
פונ דאָרפ פלעגט ער קומענ האלבע נאכט
אונ טרינקענ פונ עמער וואסער אסאך.

ס'איז פײַער געווענ זײַנ בעסטער אונ נאָענטסטער פרײַנט,
פונ אונטערנ האמער האָט די זונ אים געשײַנט.
פארגיינ פלעגט דער טאָג אונ אופגיינ צוריק אינ פײַנ,—
אונ קיינ האָפענונג איז ניט געווענ אז בעסער וועט זײַנ.

אָט הענגט עס דאָס פּיצינקע שטיבל אפנ בערגל באם טײַכ,
סע זאָל קומענ א ווינט קערט ער איבער דאָס גלײַכ,
עס איז אָרעם מיט ברויט אונ מיט רויכ אזוי רײַכ;
געפעלט דיר ניט עפּשער—איז וואַרפ זיכ אינ טײַכ.

א וואלגער פלעגט טאָנ זיכ דער שמיד צו דער ערד,
בא זײַנ אלטינקער מוטער פלעגט פאלנ א טרער.
— ס'טוט ווײ דיר דײַנ ברוסט, דײַנע הענט זײַנענ שווער,
שלאָפ ניט, מײַנ טײַערער זונ, אפ דער ערד.

דער טויט קריכט אינ שטיבל דורכ טיר אונ דורכ שויב,
מיט א פויסט פונ דער ערד טוט דער שמיד זיכ א הויב,
ווײ צו דעם, וואָס האָט אונדזער לעבנ בארויבט
מאמע, מיר וועלנ נאָכ לעבנ אונ לעבנ. איכ גלויב...

ווי צו א קינד אינ א וויג מיט דער מוטער ער רעדט,
שײנ ווי די זונ וועלנ זײַנ אונדזערע דערפער אונ שטעט,
שמידנ אינ אײַזנ כ'וועל דעם, וואָס דײַנ לעבנ טרעט,
א שײַנענדיקנ קאָפ די מוטער בא איר קינד דערזעט.

מענגעס מיט פּאָנעס זיכ האָבנ אפ גאסנ אונ פּלעצער געלאָזט
יאָרנ מיט רעגנס פונ קוילנ האָבנ געטאָנ זיכ א גאָס;
די מוטער, דעמ האמער, דאָס שטיבל, דער יונג האָט פארלאָזט
אוועק פונ זײַנ היימ בא דעמ ערשטנ פײַנטלעכנ שאָס.

ציילנ איז שווער, וויפל מאָל שוינ באגעגנט דעמ טויט אינ שלאכט,
צו דער מאמענ אינ שטוב ער האָט א פלאמענדיקע פאָנ געבראכט
אינ טרערנ—די אלטינקע מאמע ז'געשטאנענ, געוויינט אונ געלאכט
אונ ער האָט ווי פריִער געטרונקענ פונ עמער וואסער אסאכ...

---

2

דעמ ווײַסנ אָפּיצער האָט זיכ געוואָלט
א ייִדיש מיידל פאר א ווײַב
אונ הייסנ זאָל זי ראָכל,
איז ער פונ שטוב צו שטוב געגאנגענ,
אונ האָט דערווײַל די פענצטער געבראָכנ.

אײַ, קראָשקעלע מײַנס, אײַ, ראָכעלע קרוינ,
פארבאקנ ביזטו מיר אינ הארצנ,
איכ וועל דיר נאָכ ברענגענ מאטאָנעס.
א זײַדענע טוכ, אונ א זשמעניע מיט פערל
דײַנ טאטנ איכ וועל שפאלטנ דעמ קאָפּ,—
איכ בינ זײַנ איידעמ, דער קאָוועד צו מיר
דארפ געהערנ.

אײַ, קראָשקעלע מײַנס, אײַ, ראָכעלע קרוינ,
פארבאקנ ביזטו מיר אינ הארצנ,
ער שפאנט זיכ אזוי פארליבט אונ געלאסנ,
א שויב פאלט ארויס, די צווייטע ער פרוווט,
אונ פלוצימ דערזעט ער אינ פענצטער
א מיידל—א ווונדער, נאָר א בלאסע.

אײַ, קראָשקעלע מײַנס, אײַ, ראָכעלע קרוינ,
פארבאקנ ביזטו מיר אינ הארצנ,
אונ א בראָכ ער טוט זיכ אינ פענצטער
מיט צעשיקערטנ גופ
נו, זשידעניא, נעמ אופ
דײַנ אָפּיצער, דײַנ פארליבטנ, אונ הייסנ,
וואָס שלאָגט זיכ פאר זײַנ היימ,
פארנ פאָטערלאנד אונ פארנ קייסער.

איַ, קראָשקעלע מיַנס, איַ, ראָכעלע קרוינ,
פארבאקנ ביזטו מיר אינ הארצנ
אונ עס האָט זיכ זיַנ האנט,
ווי א שלייפ ארום איר פארצויגנ
אונ ער האָט דערזענ...
אז עס קוקנ אפּ אימ,
צוויי טויטע, צוויי גלעזערנע אויגנ.

איַ, קראָשקעלע מיַנס, איַ, ראָכעלע קרוינ,
פארבאקנ ביזטו מיר אינ הארצנ
פונ גאס ביז גאס איכ וועל אויספארבנ
אלצ דאָ אינ רויטנ!
איכ ווייס, דאָס האָט דאָס שטעטל, דאָס געקוילעטע
מיר אונטערגעוואָרפנ, א קאלע, א טויטע.

---

3

אינ דעם הימל אינ דעם בלויענ שווימט א וואָלקנ-שיפ,
וואָלקנ העלער, דו דערציייל מיר, צי איז דאָרטנ טיפ?

צי באגעגנסט ניט קיינ גריבער, ניט קיינ שטרויכלונגענ אינ וועג,
וואָלקנ העלער, וואָלקנ ליבער, גיכער קום צום ברעג.

וועל איכ אָט אזוי א שפרינג טאָג אפּנ רוקנ דיר
איבער אָפּגרונטנ, דורכ יאמענ, צו דער זונ מיכ פיר!

ע. גאָרדאָנ

# א מיספארשטייעניש

(נאָוועלע)

פונ אינדערפרי אָנ האָט כעמע בארשײַ זיכ געהאלטנ אינ איינ גרייטנ צו זײַנ כאוועדס כאסענע. ער האָט אויסגעבערשטלט דעמ גראנאטענעמ אָנצוג, צוגעטשעפעט צומ לאצ אלע זשעטאָנענ אונ צייכנס, וואָס ער האָט נאָר פארמאָגט, אונ, שפּײַענדיק אינ די דלאָניעס, איז ער אלע ווײַלע געגאנגענ צומ שפּיגל אונ זיכ געפוצט. ס׳האָט אימ גענומענ פארדריסנ, לעמײַ שמוליק סקליאר האָט כאסענע פריער פאר אימ.

— מיר וועלנ נאָכ זענ, ווענמענ ער האָט אָקאָרשט אויסגעקליבנ,—האָט כעמע זיכ בעטרייסט.

כאָטש ער האָט אינ איינ צײַט מיט שמוליקנ געענדיקט די טראקטאָר־קורסנ, אינ איינ צײַט מיט אימ אָנגעהויבנ ארבעטנ אינ דער טראקטאָר־בריגאדע, נאָר ער האָט זיכ עפּעס געהאלטנ פאר אנ עלטערנ, פאר מער בארדאעס אינ אלצ אונ ליב געהאט צו לערנענ שמוליקנ. אפ מיידלעכ האָט כעמע זיכ אָנגעהויבנ אסאכ פריער צו פארקוקנ, ווי שמוליס. ווי ער האָט נאָר באגעגנט א מיידל, האָט ער זי ליב געהאט צו פארטשעפּענ.

— לאָמיר גיינ אינ געוועט, אז איכ קענ דערגרייכנ וועלכע מיידל איכ וויל נאָר,—האָט כעמע זיכ שטענדיק בארימט... צו א מיידל דארפ מענ נאָר האָבנ א צוגאנג...

— אפ וואָס־זשע ווארסטו נאָכ, אז דו ביסט אזוא בעריע?—האָט שמוליק אונטערגעכויזעקט פונ אימ.

— נו, קומ אינ געוועט... פארוואָס־זשע ווילסטו זיכ ניט וועטנ?—האָט כעמע זיכ געהיצט.

שטילערהייט האָט שמוליק אינ די פרײַע טעג זיכ אָנגעהויבנ אויספּוצנ אונ ערגעצ פארפאלנ ווערנ, כעמע האָט זיכ אפילע ניט באוויזנ ארומקוקנ, אונ ס׳איז באוווסט געוואָרנ, אז שמוליק האָט כאסענע פאר א בריגאדיר פונ א שכיינישנ קאָלווירט.

קלײַבנדיק זיכ אפ דער כאסענע, איז כעמענ מיטאמאָל דורכגעלאָפנ א געדאנק, אז ס׳קענ נאָכ אָנפאָרנ אהינ די פיציכטלערנ, וואָס האָט זיכ אימ אָנגעטראָפנ אפנ ראיאָנעמ צונויפלי.

שוינ העכער א פאָר כאדאָשימ ווי זי איז אימ פונ קאָפּ ניט ארויס אונ ער האָט נאָר געהאלטנ אינ איינ ריידנ וועגנ איר.

— אָט דאָס איז א מײדל... אַן עמעסע קאַרטינע איז עס... אין דער גאַנצער געגנט אין אונדזערער איז ניטאָ אַזאַ מײדל...

צו שמוליקס כאַסענע האָבן זיך געגרײט אַלע בריגאַדעס פון קאָלווירט,—מ'האָט געגרײט מאַטאָנעס, מ'האָט געגרײט רעדעס און ווינטשעוואַניעס, מ'האָט געגרײט יאָנטעוודיקע בעגאָדימ אויסצופּוצן זיך, מ'זאָל ניט פאַרשעמט ווערן פאַרן מעכוטן—פאַר דער קאַלעס קאָלווירט.

נאָך מער פון אַלעמען האָט זיך געגרײט כעמע באַרשײַ און דער פערד־אָפּזעער יעכיעל זינק—א ברײט פּלײציקער, געזונטער קאָלווירטניק, מיט קורצע, נאָר פעסטע הענט, מיט א געדיכטער רויטער באָרד און מיט קלײנע, גרויע שטענדיק־פרײלעכע אויגלעך. א גאַנצן טאָג האָט יעכיעל זינק געגרײט דעם געשפּאַן, ער האָט אויסגעקעמט די פערד די גריוועס, אונטערגעגלײַכט זײ מיט דער שער די ווײדלען, אויסגעבערשטלט דעם שטויב פון די לײַבער, זײ זאָלן בעסער גלאַנצן, און איז אַלע ווײַלע געלאָפן אָנזאָגן דעם כאָסן א נײַע פּסורע:

— די פערד זײַנען שוין גרײט, צוליב דער כאַסענע האָב איך זײ צוגעשאָטן אַן איבעריק ביסל האָבער, זאָלן זײ אויך פילן, אַז מיר האָבן א סימכע. די אַקסן אַפילע האָב איך אויסגעשמירט צוליב דער כאַסענע, און די זברויע צוגעפּוצט.

פאַרבײַלויפנדיק צום כאָסן, האָט יעכיעל זינק יעדעס מאָל דערזעענדיק כעמען, געמוזט אים עפּעס אַרײַנזאָגן.

— דו ביסט נאָר א באַלן אַפ פרעמדע כאַסענעס צו פאָרן... פון דיר וועט מען זיך שוין דערוואַרטן אַמאָל א ביסל ווײַן?

— אינגיכן, אינגיכן רעב יעכיעל... קײן ווײַן וועל איך ניט זשאַלעווען. אָט האָב איך זיך ניט לאַנג באַקאַנט מיט א מײדל... ס'קאָן זײַן, אַז זי וועט אָנפאָרן אַפ שמוליקס כאַסענע, וועט איר שוין זען סאַראַ מײדל!

— ווּעסט פאַרשפּעטיקן, כעמע, דאָס בעסטע כאַפּט מען אויס... קלײַב זיך אָקאָרשט ווײניקער און מאַך עס גיכער, לאָמיר שוין פאַר־אײנס דיר אויך אָפּשפּילן א כאַסענע.

— מיר וועלן אָפּשפּילן,—האָט כעמע פרײלעך צוגעוווּנקען צו יעכיעלן. בא יעכיעלן האָבן געגלאַנצט די קלײנע גרויע אויגעלעך, און ער האָט זיך אַזש באַלעקט פון דער קויסע, וואָס ער וועט כאַפּן אַפ דער כאַסענע.

— זע נאָר, ס'זאָל ניט זײַן ערגער, ווי בא אים... זעסט, וואָס דאָרטן טוט זיך?—האָט ער אַלע ווײַלע אָנגעוויזן אַפן כאָסנס שטוב... א גאַנצן טאָג און א גאַנצע נאַכט האָט ער דאָרט געבאַקן און געבראָטן. הערסט, ווי ס'ע שמעקט... געדענק, ס'זאָל ניט זײַן ערגער, ווי בא אים.

— זײַ זיכער, בא מיר וועט ניט זײַן ערגער, עפּשער נאָך בעסער,—האָט כעמע פאַרזיכערט יעכיעלן.

נאָר יעכיעל האָט שוין קײן צײַט ניט געהאַט, האָט ער מיטאַמאָל איבערגעלאָזט כעמען, איז אַוועקגעלאָפן איבערן הויף, און ווען ער האָט נאָר באַגעגנט, האָט ער אָפּגעשטעלט:

— מעכוטאָנים, אײַלט זיך, אײַלט זיך, מעכוטאָנים אַפ דער כאַסענע! פערד־און וואָגן וואַרטן אַפ אײַך... אײַלט זיך, מעכוטאָנים...

נאָכ האלבנ טאָג זײַנען די פורנ ארויסגעפאָרנ אפ דער כאסענע. דער ערשטער איז געפאָרנ אפ אנ אויסגעפוצטער פור דער כאָסנ מיט די קרויווים. נאָכ אימ זײַנען געפאָרנ די הויפּט־מעכוטאָנימ—די טראקטאָריסטנ. נאָכ די טראקטאָריסטנ זײַנענ געפאָרנ די פעלדציכטלער און די פיציכטלער.

פרײלעכ־טומלענדיקע, האָבנ די פורנ געיאָגט איבער די גלאט־אויסגעפאָרענע סטעפ־וועגנ, איבעריאָגנדיק אײנע די צווײטע.

כעמע איז ארויסגעפאָרנ אפ דער כאסענע אפ א שטיק צײַט שפעטער פונ אלעמענ. ער האָט מיט א קיוונ זיכ פארהאלטנ, דער שנײַדער זאָל אימ אויספארטיקנ דעמ נײַעמ אָנצוג, וואָס ער האָט געוואָלט אָנטאָנ צו דער כאסענע.

אויסגעפוצט זיכ אינ דעמ טונקל־בלויענ אָנצוג, האָט ער זיכ באלעבאטיש ארײַנגעזעצט אינ א בעדארקע און גענומענ יאָגנ—טאָמער וועט ער אָניאָגנ די איבעריקע פורנ. נאָר די פורנ זײַנענ שוינ געווענ ווײַט אוועקגעפאָרנ, און ס'האָט אימ גענומענ פארדריסנ, לעמײַ ער וועט פארשפעטיקנ אפ דער כאסענע.

בא א העלפט וועג איז כעמע דורכגעפאָרנ גאנצ גיכ. אָבער מיטאמאָל האָט גענומענ טונקלענ, און ער האָט זיכ אָנגעהויבנ אראָפשלאָגנ פונ וועג.

רונד ארומ אינ סטעפ, פונ אלע זײַטנ, האָבנ זיכ אָנגעצונדנ פײַערלעכ. די פײַערלעכ האָבנ געווונקענ, ווי זיי וואָלטנ גערופנ ערגעצ. נאָר כעמע האָט גענומענ בלאָנקענ און ניט געוווסט, וווהינ צו קערעווענ.

זיכ דערקליבנ צו א ייִשעוו, האָט ער זיכ דערוווסט דעמ וועג און זיכ אוועקגעלאָזט ווײַטער. באמ זײַט וועג האָבנ זיכ ווו־ניט־ווו געפלעקט טונקל־ברוינע האָנעס. אפנ קאלטנ הארבסטיקנ הימל האָבנ גרינלעכע שטערנדלעכ געצונדנ און געלאָשנ זיכ. כעמע האָט מיט אָנגעשפיצטע אויערנ זיכ אײַנגעהערט אינ דער אָוונטיקער שטילקײַט, צי הערט זיכ ניט פונ ווײַטנ קײנ שפילערײַ.

— דאָרט קער מענ שוינ הוליענ... די כאסענע האָט זיכ שוינ לאנג געקערט אָנהײבנ,—האָט ער די גאנצע צײַט געטראכט.

א שטיק צײַט אינ דער נאכט איז ער ארײַנגעפאָרנ אינ ייִשעוו, ווו ס'איז פארגעקומענ די כאסענע. דער ייִשעוו האָט אויסגעזענ יאָנטעוודיק און פול מיט פרײלעכנ טומל. צוגעפאָרנ צו דער גערוימער יאָנטעוודיק־באצירטער שטוב, האָט ער זיכ א ווײַלע אָפגעשטעלט און טײקעפ פארקערעוועט אינ שכײנישנ הויפ, ווו ס'זײַנענ געשטאנענ פורנ, פורלעכ און לאסט־אווטאָמאָבילנ פונ די אָנגעפאָרענע געסט. אפגיכ אויסגעשפאנט, איז ער אוועק אפ דער כאסענע. די כאסענע איז שוינ געגאנגענ אינ פולנ ברענ. אויבנאָנ, ארומ ברײטנ, מיט רויטנ קומאסש באדעקטנ טיש, איז געזעסנ דער פערד־אופזעער יעכיעל זינק אינ א שווארצנ יאָנטעוודיקנ אָנצוג, פונ אונטערנ שווארצנ רעקל האָט זיכ ארויסגעזענ א ווײַסע זויבערע העמד, די רויטע געדיכטע באָרד זײַנע, איז געווענ גלאט פארקעמט.

— א מאזלטאָוו... א מאזלטאָוו דערלאנגט—האָט ער אלע ווײַלע אויסגעשריענ, און די קלעזמער האָבנ נאָכ יעדער אויסגעשריי פלײַסיק א כאפ געגעבנ די פידלענ, די טרויבנ, די פויקנ, און צעפאלעטע יונגענ און מיידלעכ, בערדיקע קאָלווירטניקעס און באיאָרטע קאָלווירטניצעס, האָבנ זיכ אופגעכאפט פונ די טישלעכ און אוועק טאנצנ.

כעמע איז א ווײַלע געשטאנענ ארומ טיר, זיכ ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט עמעצנ געזוכט, אונ מיטאמאָל האָט אימ עפעס א בליצ געטאָנ פאר די אויגנ, אונ ער איז געבליבנ שטײנ א צעטומלטער. בויגנדיק דעמ שלאנקנ קערפער, האָט געטאנצט דאָס מײדל, וואָס ער האָט געטראָפנ אפנ צונויפלי.

— דאָס איז זי... דאָס איז זי,—האָט ער צו זיכ א זאָג געטאָנ. מיט א קלאפנדיק הארצ, ניט אראָפנעמענדיק פונ איר די אויגנ, האָט ער זיכ געשארט אלצ נעענטער צו איר, אונ ווענ די קלעזמער זײַנענ אנשוויגנ געוואָרנ אונ מ'האָט אופגעהערט צו טאנצנ, איז ער צוגעגאנגענ צו איר אונ מיט אנ אײַנגעהאלטענעמ אָטעמ אָנגעהויבנ צו רײדנ.

— איכ געדענק אײַכ פונ צונויפלי... כ'האָב די גאנצע צײַט זיכ אלצ געוואָלט טרעפנ מיט אײַכ...

ער האָט א קער געגעבנ דעמ קאָפּ, זיכ גענומענ ארומקוקנ, ווי ער וואָלט זי א סאָד וועלנ אײַנרוימענ, אונ דערזענ דעמ כאָסנ.

— כ'האָב פארשפעטיקט,—האָט ער, שטאמלענדיק, דערלאנגט דעמ כאָסנ די האנט,—כ'האָב זיכ פארהאלטנ...

— איר קענט זיכ?—האָט דער כאָסנ אימ איבערגעשלאָגנ,—פונוואנענ קענט איר זיכ?

— מיר קענענ זיכ פונעמ ראיאָנעמ צונויפלי... כ'האָב דיר דאָכ דערצײלט פונ איר.

בא כעמענ האָט געשײַנט דאָס פּאָנעמ, די אויגנ האָבנ גענומענ בלישטשענ, אונ ער האָט אלצ ניט געקענט אראָפּנעמענ אנ אויג פונ דעמ מײדל.

— איר קענט זיכ אויכ?—האָט ער מיט באהאלטענעמ כשאד א קוק געגעבנ אפ שמוליקנ אונ אפנ מײדל.

— דאָס איז דאָכ מײַנ...—האָט זיכ שמוליק חי פארוואָרגנ מיטנ לעצטנ וואָרט.—

כעמע איז געבליבנ שטײנ, ווי אנ אָפּהענטיקער.

— איכ... איכ באגריס...—האָט ער קוימ ארויסגעשטאמלט, דערלאנגענדיק די האנט כאָסנ־קאלע.

אינ דער רעגע האָבנ די קלעזמער א קלאפּ געגעבנ, אונ פּאָרלעכ אינ קאראהאָדנ האָבנ גענומענ שוועבנ איבערנ געררימענ זאל.

— וואָס שטײסטו, ווי א כאָסנ? קומ אינ קאָנ. קומ!—איז יעכיעל זינק, א רויטער, א צעפּאלעטער, ארויסגעשפּרונגענ פונ טיש אונ צוגעלאָפנ צו כעמענ,—וואָס באהאלטסטו זיכ אויס? נו, זי איז געקומענ, דײַנ באשערטע?... לאָמיר אקאָרשט א קוק טאָנ, זי איז דיר ווערט?

— ווענ זי קומט, וואָלסטו שוינ געזענ ס'ארא מײדל,—האָט ער קוימ כאפּנדיק דעמ אָטעמ, אָפּגעענטפערט יעכיעלנ, ווי ער וואָלט וועלנ פארגלעטנ די מיספארשטײעניש.

אנ אימפּעטדיקער קאראהאָד האָט אימ פארכאפּט, אונ ער האָט קוימ שלעפּנדיק די פיס זיכ געדרײט...

ל. טאלאלײַ

# דער זיידע דאָוויד

(פונ ציקל „קינדהײַט“)

הרודעס שניי. דער ווינט זיי טראָגט מיט צאָרנ.
עס ליגט א דאָרפ אינ ווײַסנ קלעמ פארלאָרנ:
אינ שניי די וועלט, דיביימער אונ די שטיבער,
נאָר הונגעריקע וועלפ זיכ רופנ איבער.
ווענ אפ א ווײַלע שטילער ווערט דער שטורעמ
זעט מענ אומעטומ זייערע שפורנ.
זיי זײַנענ פרעכ. זיי קלאפנ באדערנאכט אינ פענצטער:
די הונגעריקע פײַערלעכ דערקענסטו—
דער זיידע נעמט ארויס פונ צווישנ וואנט א קינ,
אונ צינדט זי אָנ אונ לויפט ארויס אהינ,
ווו ס'נישטערנ די וועלפ. זיי טרעטנ אָפ אינ ציטער...
ס'גייט דורכ א שאָ—זיי זײַנענ דאָ שוינ ווידער.
באגינענ לויפט צו אונדז ארײַנ א שאָכנ
אונ דערציילט: די וועלפ האָבנ צעבראָכנ
די טיר פונ שטאל, די שווארצע קאלב צעריסנ
אזוינע ראָצכים, קומענ זאָל אפ זיי א מיסע,
א קאלב אזא ווּעסטו אינ ערגעצ ניט געפינענ,
א טעלעצע, די בעסטע אינ מעדינע...
הייבט אופ דער זיידע זײַנע ברעמענ שווערע.
טויזנט קנייטשנ פאלנ אפ זײַנ שטערנ:
— פאכדאָנים איינע, קוקט זיי אינ די ציינער!
זעצט זיכ שיווע נאָכנ קעלבל ווייננ!
אינ וואלד! אינ וואלד. דאָס גאנצע דאָרפ איניינעמ.
אנ אָבלאווע אפ די וועלפ...
ווײַבער אונ ייִדנ. בא אלעמענ ברענענ די בליקנ.

און קינדער פארוויקלט אין אלטע פאטשיילעס אין גרויע באשליקן,
מיט שפיצן ווי קלייטטערס,
באלאגערט דעם יאמנעצער וואלד
פון יונג ביזן אלט
מיט העק און מיט לאָמען, די ווײַבער מיט קאָטשערעס קרומע
מיט ראש, מיט א ברומען,
מיט ווילדן געשריי.

מע באזוכט יעדער קוסט,
ווו סע קען א באהעלטעניש ערגעץ א וואָלף זיך געפינען
און סע וואקסט אלץ דער גלוסט
און דער וואלד גייט אראָפ פונעם זינען...
דעם זיידן מע קען ניט דערקאָנען. דער זאָקן איז יינגער געוואָרן,
גלײַך א יאָר דרײַסיק ער וואָלט מיטאמאָל פון די פלייצעס פארלאָרן...
און אנדערש דער גאנג, נאָר די באָרד איז פארפרוירן אינגאנצן
זעט אויס אפ זײַן הארצן אזוי ווי א זילבערנער פאנצער.
דערזעט ער א וואָלף שטייט צעמישט, מיט די ציינער צעסקאליעט
דער זיידע צו אים זאָגט אפ פויעריש—„דו וויסטער קאנאליע"
ציט אויסעט דער וואָלף אומגעהויער די גאָמבע די לאנגע
די האלדז צו דערלאנגען.
די האלדז בא דעם אלטן, ווי דעמבעווע שטיינערנע קאָרע
צעקנאָדערט פון יאָרן...
א ברום טוט דער זיידע און כאפט בא די לאפעס אים אָן און פארדריקט זיי צווישן צווייביימער,

אזוי ווי א רייף אפ א פאס
און עס וואקסט אלץ זײַן קאס,
ער דרייט אים די לאפעס, אזוי דרייען אויסעט די גרעט בא דעם דניעפער די מוידן.

עס טרעסקען די וועלפישע ביינער
און בלוט רינט אראָפ פון די ציינער,
און ס'גייט איבער וואלד דורך א שוידער
פון לעצטן געוויי,
פון וועלכן די נאָדלען בא יעלן
קאפויר זיך צעשטעלן...
אהיים קומט דער זיידע מיט וועלפישן פעל און מיט קאָוועד
און פרעמדע אפילע איצט זאָגן צום זיידן „רעב דאָוויד"

---

# מײַן ביקס

כ׳וועל שטענדיק געדענקען דעם נומער,
געקריצט אפן שטאָלענעם רער.
די רעגע די הייסע וועט קומען
און נעמען וועל איך מײַן געווער.

און טרײַהײַט אין ליבשאפט געשוואָרן
איך האָב מיט דער ביקס אין דער האנט
אונטער דעם הימל דעם קלאָרן
פון אונדזער סאָוועטישן לאנד.

נאָר אויב עס וועט טרעפן א וואונדער,
כ׳וועל פארגעסן די צאָל אפן רער
אלציינס, ווי א פרײַנט צווישן הונדערט,
דערקענען איך מײַן אייגן געווער.

פאראן אפ מײַן ביקס אזא סימען,
נאָר איינער איך וויים אים אין פאָלק.
כ׳וועל שטענדיק צו גוטן דערמאָנען
דעם מײַסטער, וואָס האָט זיי געשטאָלט.

ש. העלמאָנד

# פאַרטאָג

ווינטער. שניי. איך פאָר און פאָר.
דער הימל פלאמט. די זון ווערט רויטער.
דער שניי איז ווײַס. דער שניי איז קלאָר.
און ווי דער שניי, מײַן הארץ איז לויטער.

איך קאָן ניט אָניאָגן דעם קרײַז,
איך וויל זײַן שארפן ראנד דעריאָגן.
דער וואלד איז שווארץ. די ערד איז ווײַס.
דער אײַז איז ראָז; עס הייבט אָן טאָגן.

עס האלט דער ווינט מײַן פערד ניט אײַן.
ער יאָגט אין גרויסן קרײַז אינמיטן.
די זון גייט אויף. עס האָט איר שײַן
די גרויע כמארע דורכגעשניטן.

דורכגעפײַלט, ווי מיט א שווערד,
מיט שארפער ראָד, מיט איר צעגליטער.
איזווארפ זיך אינעם ווינט, מײַן פערד
און טראָג מיר דורך דורכן געוויטער.

צו איר, דער זון, וואָס העלער פלאמט,
וואָס גיסט זיך אָן אלץ רויט און רויטער!
צו איר, מײַן הארץ האָט ניט פארזאמט,
מײַן הארץ, פון איר, ווערט ריין, ווערט לויטער.

---

ז. צירלינ

# אפנ ערשטנ אָרט

דער לעצטער זונענ־שטראל איז פארגאנגענ הינטערנ סאָסנע־וואלד. די אָוונטדיקע בלויקייט איז געוואָרנ געדיכטער, טונקעלער. אינ די קאָלווירט־שע הייזער האָבנ די פענצטער אופגעפלאמט מיט העלקייט פונ עלעקטרישער שיינ, וואָס האָט זיכ גע־ריסנ דורכ די שויבנ אונ געשפרייט זיכ קווער דער גאס.

באם פאָרזיצער אינ שטוב איז שוינ אויכ געווענ ליכטיק. פיאָטר קאָנסטאנטינאָ־וויטש איז געשטאנענ אָנגעטאָנ אינ זיינ שווארצנ פעלצל, אינ דעם ווארעמנ היטל אונ געווארט ביז קאָסטיע וועט אפ זיכ ארופציענ די לעדערנע קורטקע, וואָס איז אים עטוואָס שמאָל געוואָרנ. באלד זיינענ ביידע ארויס פונ שטוב. אראָפגייענדיק פונ גאנעק האָט דער אלטער א זאָג געטאָנ:

— באלד קומ איכ, כ'וועל נאָר אפ א רעגע אריינ אינ פערמע—אונ האָט פאר־קערט אפ רעכטס, איבערנ שמאָלנ שטעגל, וואָס פירט גלייכ צו די ניי־אויסגעבויטע שטאלנ.

קאָסטיע איז אוועק מיט דער גאס צום ווייסנ מויער-צו. ווענ ער איז אריינ אינ קלוב זיינענ אלע געווענ אופגעזאמלט. אפ דער העל־באלויכטענער סצענע זיינענ גע־זעסנ די מוזיקאנטנ. הינטער זיי אינ א האלבנ־קריי—דער כאָר.

אינ זאל איז געווענ טונקלעכ. צווישנ די קאָלווירטניקעס, וואָס זיינענ געקומענ א קוק טאָנ, א הער טאָנ די אייגענע שפילער, זינגער, האָט קאָסטיע אופגעזוכט ליובקענ. זי האָט געווארט ביז עס וועט קומענ איר ריי ארויסטרעטנ. קאָסטיע האָט זיכ נעבנ איר צוגעזעצט אונ שטיל געפרעגט.

— ביסט שוינ לאנג דאָ?

— שא, שטער ניט.—האָט זי אים א שעפטשע געטאָנ, אונ געוויזנ אפ דער סצענע, ווו די לערערנ מאריא טימאָפייעוונא, שטייענדיק אינ סאמע צענטר, האָט מיט א פאו הייבענער האנט געוואָרנט מע זאָל גרייט זיינ אָנהייבנ.

וועלוול דער סטאָליער שפילט אפנ פידל, דער שאָפער איוואנ שפילט אפנ האר־מאָניק אונ דער שילער ליאָשקע אפנ פייקל.—אָט דאָס איז דער אָרקעסטער. דוכט זיכ א גאנצ געווינלעכער. אזוי אָבער קאָנ מענ מיינענ פונ דעם ערשטנ קוק, אינדערעמעסנ, האָט יעדער שפילער אונ זיינ אינסטרומענט א שטיקל אייגענע געשיכטע.

וועלוולס פידל איז שוינ גאנצ אלט. ווערליק זײַנ מאמע דערציילס, קומט זי צו זיי נאָכ פונ וועלוולס זיידנ, ניסל דעם קלעזמער, וואָס האָט געשפילט דאברידזוענס אפ פרעמדע כאסענעס.

איוואנס הארמאָניק איז נאָכ גאָר א נײַער. נאָכנ הארבסטיקנ פארזיי, איז אינ קאָלווירט „רויטע פאָנ" פאָרגעקומענ אנ אלגעמיינע פארזאמלונג. דער פאָרזיצער פונ קאָלווירט, פיאָטר קאָנסטאנטינאָוויטש, האָט נאָכנ אונטערפירנ די סאכאקלענ פונעם ווירטשאפטלעכנ יאָר, צוגערופנ איוואנענ:

— די מאשינ האָסטו אָפגעהיט ווי דאָס אויג אינ קאָפ, שטענדיק איז זי בא דיר געווענ צודערצײַט, סאָ באקום-זשע, בראָסאָק, פאר דײַנ הערלעכער ארבעט—אונ האָט דערלאנגט דעם שאָפער די פײַנע מאטאָנע—א נײַעם הארמאָניק.

ווענ די פארזאמלונג האָט זיכ געשלאָסנ, האָט מענ דאָ גופע אפנ אָרט אײַנגעאָרדנט א הוליאנקע. ביז פארטאָג האָט מענ זיכ פארווײַלט. געגעסנ, געטרונקענ, געזונגענ אונ געטאנצט. אסאכ לידער האָט מענ אויסגעזונגענ, אסאכ טענצ האָט מענ אויסגעטאנצט אונטער דער הילכיקער מוזיק פונ איוואנס שפּאָגל-נײַעם הארמאָניק.

ליאָשקעס פײַקל איז אויכ ניט אבי אוועלכער. סאָפ זומער איז אינ קאָלווירט א פּאָר טעג אײַנגעשטאנענ א ווזוואָד רויטארמייער. ס'איז פאר דעם גאנצנ קאָלווירט געווענ א יאָנטעוו, נאָר פאר ליאָשקענ באזונדערס. אינ די פארנאכטנ, ווענ די רויטארמייער אונ די קאָלווירטניקעס פלעגנ זיכ אופזאמלענ אינ קלוב צוזאמענ פארברענגענ די פרײַע צײַט, איז ליאָשקע ניט אָפּגעטראָטנ פונ דעם פײַקלער, דעם רויטארמייער מאָראָזאָוו. ווי ס'האָט ליאָשקענ אויסגעוויזנ, האָט דער דאָזיקער מאָראָזאָוו געפײַקלט מיט עפּעס א באזונדער כיינ. דאָס יאָטל האָט זיכ ניט געקאָנט אָנקוקנ צו זאט אפ אזא מינ פײַקלענ. פארנ אוועקגיינ פונ קאָלווירט, ווענ מע האָט זיכ שוינ צעזעגנט מיט די קאָלווירטניקעס האָט דער קאָמאנדיר פונ ווזוואָד, דער לייטענאנט פאוולאָוו דערלאנגט ליאָשקענ א פײַקל מיט נײַינקע, בלישטשענדיקע בראזגולקעלעכ.

— נא, ליאָשקא,—האָט ער געזאָגט,—א מאטאָנע,—האָסט דאָכ עס ליב. כ'האָב געזענ. זאָלסט זיכ נאָר לערנע: גוט אינ שול, כעווערעמאנ...

דער „זאפעוואלע" אינ כאָר איז די פּיצוכטלערנ דאָמנא, א דיקלעכע פרוי פונ א יאָר פערציק מיט א געשמאקער, עטוואָס מאנצבילשער קלינגעוודיקער שטימע. איר באליבטע ליד איז:

אָי, או לוויע, לוזיע
טשירוואָנא קאלינא סטאָיאלא.
א נא טאָי קאלינע....

דער כאָר כאפּט אונטער „שעראיא זאזוליא קוקאוואלא" אונ עס צעגיסט זיכ א געזאנג ברייט אונ שטארק.

עטלעכע ייִדישע לידער, זינגט דער קאָלווירטישער אגראָנאָם באסיע, וועלוולס ווײַב. עס באקומט זיכ בא איר גאנצ פײַנ.

נאָכ באסיענ זינגט ליובקע טשאטשושקעס. צולעצט טרעט ארויס קאָסטיע.

— אָ!—שטאָלצירנ די קאָלווירטניקעס—נאָכ זײַנ האָפּאק איז שוינ דאָס ערשטע אָרט פאר אונדז...

ס'איז טאקע פאראן מיט וואָס צו שטאָלצירן. קאָסטיע איז דער בעסטער טראקטאָריסט אין ראיאָן. ער האָט האיאָר דערלאנגט אזא רעקאָרד אפ זײַן שטאָלענעם פערד, אז מע האָט אים ארויסגערופן אין צענטער און באלוינט מיט דער גרעסטער מאטאָנע. דער ערע־צייכן פינקלט אפן לאַץ פון זײַן פידזשאק. קאָסטיע איז אויך דער עמעסער טענצער. ליובקע האָט ספעציעל פאר אים אויסגענייט א העמדל מיט רויטינקע בלימעלעך. פונקט אזאַ, ווי עס טראָגן די אוקראַיִנער כלאָפּצעס. צו די בלויע הויזן אין וועלכע ער טאנצט, האָט זי אופגעמאכט א ברייטן פארביקן גארטל. מע האָט נאָר געטראכט, וואָס זאָל קאָסטיע אָנטאָן אפן קאָפּ; א פאפאכע צי א שטרויענעם ברילק. געבליבן איז אזוי ווי ליובקע האָט געזאָגט:

— נאָר א פאפאכע, ס'איז דאָך ניט זומער...

זי האָט פאר שטאנען, אז דאָס וועט גוט קליידן צו זײַנע שווארצע, פלאמיקע אויגן, צו די קוטשעראַווע האָר.

אז קאָסטיע גייט ארויס אפן סצענע—שפּילן די מוזיקאנטן פּאוואָליע. ער צענעמט די הענט ווי די פליגלען, און גייט זיך דורך מיט אָפּגעמאָסטענע, נאָר פעסטע טריט, פונקט, ווי ער וואָלט זיך דערקונדיקט צי ס'וועט אים סטײַען פלאַץ און צי עס איז גענוג שטארק די פּאָדלאָגע. די מוזיק נעמט ביסלעכווײַז שפּילן גיכער און קאָסטיע צעלאָזט זיך ווי א ווינט, ווי א ווירכער. ער טופּעט אויס מיט די פיס פארשיידענעם דרויב, פּאטשט מיט די דלאָניעס איבער די קני, איבער די כאָליעוועס פון די שטיוול, איבער די ברעטער פון פּאָדלאָגע. ער טאנצט צווײצנדיק זיך, דרייט זיך ליגנדיק, מאכט קרײַזן אינדערלופט, ווארפט צו דער סטעליע די פאפאכע און כאפט זי וויִדער אָן. די קאלאָשעס פון די הויזן ווערן נאָך ברייטער, דער פארביקער גארטל שעמערירט א צעפּאָכעטער, דער דיל וויגט זיך באַם טענצער אונטער די פיס און די ווענט, דוכט זיך, נעמען שווינדלען. קאָסטיע טאנצט, וואָס ווײַטער, אלץ שנעלער, ווירעווודיקער. עס טאנצן בא אים די פיס, די הענט, דער קאָפּ, דער גאנצער בייגעוודיקער קערפּער און מיטאמאָל אין דעם סאמע גיכסטן קער טוט ער זיך א שטעל, גלײַכט זיך אויס ווי א סטרונקעלע, פארהייבנדיק דעם קאָפּ. דאָס באטײַט, אז ער האָט געענדיקט. די מוזיק הערט אוף שפּילן. די קאָלווירטניקעס אפּלאָדירן הייס, פונקט, ווי זיי וואָלטן צום ערשטן מאָל געזען ווי עס טאנצט זייער טראקטאָריסט.

— מאָלאָדיעץ!

— א יאט, קאָסטיע...

— ער דערלאנגט עמעסדיק.

— דער טײַוול זיצט אים אין די פיס.

— געראָטן אין דעם טאטן—אזוי רופן זיי זיך אָפּ וועגן אים.

נאָך דער לעצטער רעפּעטיציע, האָט פּיאָטר קאָנסטאנטינאָוויטש פארזאָגט:

— אלץ זאָל זײַן צוגעגרייט. ניט פארגעסט, אז אין די איבעריקע קאָלווירטן האָט מען זיך אויך געגרייט. עס וועט זײַן א ביזאָען, בראטצי, אויב מיר וועלן ניט פארנעמען דעם ערשטן אָרט.

— געוויס... מירן זיך א סטארע טאָן!...—האָבן אים אלע פארזיכערט.

— איז אָפּגערעדט,—האָט געזאָגט פּיאָטר קאָנסטאנטינאָוויטש—גייט רוט זיך אויס און מאָרגן צוועלף אזייגער פאָרן מיר...

ליאָשקע האָט אויסגעלאָשנ די שײַנ אונ אלע זײַנע ארויס פונ קלוב.

ס'איז געווענ א שטילע הארבסטיקע נאכט, פונ יענע נעכט, ווענ דער פראָסט האָט שוינ לאנג פארקאָוועט די ערד אונ קיינ שניי איז נאָכ ניטאָ. די אָסיענדיקע בלאָטעס זײַנענ צוגעפראָרנ. אינ די קאָלייעס ברעכט זיכ דער אײַז אונטער די פיס ווי דינער גלאָז. דער הימל איז אָנוואָלקנדיק אונ געדיכט אויסגעשפרייט מיט פינקלענדיקע שטערנ. אינ אזא נאכט קאָנ מענ אומגיינ לאנג אונ עס וועט ניט נימעס ווערנ. ווער רעדט, אז מע איז באנאנד, ווענ מע גייט מיט א נאָענטנ, באליבטנ פרײַנט, אקסל בא אקסל, איז געוויס ניטאָ וואָס צו אײַלנ.

קאָסטיע מיט ליובקענ זײַנענ לאנגזאם געגאנגענ איבער דער דאָרפישער גאס אונ בעטיילט זיכ מיט זייערע אײַנדרוקנ פונ דער לעצטער רעפעטיציע.

— פאָרנ מיר, הייסט עס...—האָט געזאָגט קאָסטיע.

— יאָ, מיר פאָרנ.

— עס וועט זײַנ דער עסעסער פארמעסט.

— פארשטייט זיכ, ס'וועט זײַנ...

— מירנ ניט אָפּשטיינ?

— ניט, געוויס!..

קאָסטיע פארהייבט דעמ קאָפּ אונ פארקוקט זיכ. א שטערנ האָט זיכ אָפּגעריסנ פונ הימל, געלאָזט זיכ פליענ אראָפּ־צו אונ אויסגעלאָשנ זיכ, ניט געוואָרנ. אזא מעווע האָט ער שוינ, דערדאָזיקער קאָסטיע; צו אלצ זיכ צוקוקנ, צוהערנ. אויסער דעמ פארמאָגט ער אנ איינגעשאפט צו פארגערעדנקענ דאָס געהערטע אונ געזעענע מיט אלע איינצלהײַטנ. אינ דעמ קלאנגענ־מישמאש פונ וואלד, קאָנ ער אײַכ באלד אָפּזונדערנ יעדע פייגעלע, יעדע באלעכײַ, וואָס באט יליקט זיכ אינ אָט דעמ אלגעמײַנעם טומל. פארזשמורענדיק איינ אויג, קוקט ער זיכ צו צו א זונענ־שטראל אונ ציילט וויפל קאָלירנ דער שטראל פארמאָגט אינ זיכ. זיצנדיק אפנ טראקטאָר, ווערט פונ זײַנ אויער ניט פארבאָרגנ קיינ איינער פונ די טויזנטער קלאנגענ, וואָס שאפנ דעמ געוויש פונעמ מאָטאָר וועלכנ מע הערט פאר גאנצע מײַלנ. אונ האָט ער דערהערט אנ איבעריקנ כריפּ ווייס ער שוינ וו, אינ וועלכנ אָרט „דאָס פערדל האָט פארקילט די לונגענ".

קאָסטיע מיט ליובקענ פרווונ איבעראנײַס פארפירנ א געשפרעכ. מע הייבט אָנ ריידנ וועגנ די קירסנ, ווהינ זי קלײַבט זיכ פאָרנ אונ וועגנ נאָכ עפּעס זײַטיקע זאכנ, נאָר דער געשפרעכ בינדט זיכ שוינ ניט. ביידע פילנ, אז מע רעדט גאָר ניט וועגנ דעמ, מיט וואָס עס זײַנענ אזוי שטארק פארנומענ די געפילנ, דאָס הארצ.

עס קאָנ זײַנ, אז די געדאנקענ זײַנענ צעשטרייט געוואָרנ צוליב דער וווּנדערלעכער שיינקײַט פונ דער נאכט.

אונ עפּשער האָבנ גאָר די דערינערונגענ צעשטערט דעמ געשפרעכ. אָט דאָ אינ דעמ דאָרף האָבנ זיי זיכ ביידע אופגעהאָדעוועט, דאָ איז זיי אלצ באקאנט, נאָענט. דאָ איז מענ, קינ־ווײַז, אינ די הייסע זומער־טעג געלאָפנ קלײַבנ יאגעדעס, ניט איינמאָל צעשלאָגנ זיכ, צעמאזיקט, פאר א פּאָר רויטע פּאַזימקעס. דערנאָכ האָט מענ ווידער שאָלעמ געמאכט אונ צוזאמענ אופגעגעסנ וואָס מע האָט א האלבנ טאָג גע־

זאַמלט אין די ליבנע קאַשיקעס. ווינטער איז מען צוזאַמען געגאַנגען אין שול, צוזאַמען געגרייט די לימודים.

— עך,—טראַכט זיך קאָסטיע—וויפל מע האָט זיך עס אָנגערעדט פאַר אַזויפיל יאָרן. איצטער, קאָן מען פון איר קיין וואָרט ניט דערגיין, ניט צו דערווייסן וואָס טראַכט זי וועגן אים אָט די דאָזיקע מיידל מיט די בלאָנדע, זײַדענע האָר. קאָסטיע באַשטימט: ווי ער וועט זי צופירן צום שטוב, וועט ער איינמאָל פאַר אַלע מאָל זאָגן איר אַלץ, וואָס עס טוט זיך בא אים אפן האַרצן...

קאָסטיע האָט איבערגעריסן דעם געדאַנק און אָפּגעשטעלט זיך. א רעגע איז ער געשטאַנען, אָנגעשטרענגט צוגעהערט זיך צו דער שושקערײַ פון די ביימער. ער האָט ליבקען א ווונק געטאָן און דאָס מיידל איז אוועקגעלאָפן צום ראַנד פון וואַלד, צום קאָלווירט צו.

קאָסטיע איז געבליבן אַליין...

---

אינדערפרי איז אַרויסגעפאַלן א שניי. די זון איז אופגעגאַנגען העל, בלענדנדיק. זי האָט צעוואָרפן איר שײַן איבער די דעכער, איבער די וועגן, איבער די ברייטע נאַכלעס, וואָס האָבן זיך באַדעקט מיט שניי, ווי מיט פוך. דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט, געסקריפעט אונטער די פיס, אונטער די פאָלעוזעס פון די נאַרוואָס אײַנגעשפּאַנטע שליטנס. דער פראָסט האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דער אָנגענעמער וואַרעמקײַט פון דער זון. ער האָט אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז דער ווינטער האָט זיך אָנגעהייבן.

קאָסטיע איז געזעסן אפן בעט, אָנגעלענט אפן עלנבויגן און א פאַרכמורעטער געקוקט אפ דעם טאַטן. דער אַלטער האָט אים אַלץ געטרייסט:

— פאַרלאָז זיך שוין אפ אונדז, מיר וועלן ווײַזן וואָס מיר קאָנען.

די רייד האָבן, קענטיק, קיין גרויסע ווירקונג ניט געהאַט. ענדלעך, האָט זיך פּיאָטר קאָנסטאַנטינאָוויטש צוגעזעצט אפן ברעג בעט און אַרײַנגערוימט קאָסטיען עפּעס אפן אויער אַזוינס פון וואָס דער יאַט האָט טייקעף אופגעלעבט, זײַנע אויגן האָבן זיך צעשײַנט. ער האָט אַרומגענומען דעם טאַטן און מיט היספּײַלעס אויסגעשריען:

— אָט דאָס איז אַן אײַנפאַל!

צו צוועלף אַזייגער זײַנען שוין אַלע, אויסער קאָסטיען, געזעסן אפ די בענקלעך אין דער לאַסט־מאַשין. אַרײַנקריכנדיק אין קאַבינקע, האָט פּיאָטר קאָנסטאַנטינאָוויטש א קאָמאַנדעווע געטאָן צום שאָפער:

— אוועקגעפאָרן!..

איוואַן האָט אײַנגעשלאָסן דעם מאָטאָר. די מאַשין האָט זיך גערירט פון אָרט, א לאָז געטאָן און אוועקגעיאָגט איבערן שאָסיי, אין שטאָט אַרײַן.

דעם גאַנצן וועג איז מען געפאָרן און געשוויגן. יעדערער איז געווען פאַרנומען מיט זײַן געדאַנק, וויאַזוי צו פאַרפילן דעם בלויז וועגן וועלכן מע האָט נעכטן ניט געטראַכט אפילע, וויאַזוי נאָך בעסער מאַכן די אַרויסטרעטונג אפ דער אָלימפּיאַדע, עס זאָל זיך אַזוי ניט פילן קאָסטיעס אָפּוועזנהײַט.

אין שטאָט איז מען געקומען צורערצײַט.

דער טעאַטער, ווו די אָלימפּיאַדע איז פאָרגעקומען, איז געווען פול געפּאַקט. דער יאַנטעוו פון פאָלקס־קונסט האָט זיך געפילט איבער דער גאַנצער שטאָט. די גאַסן, די מויערן זײַנען באַפּוצט געווען מיט באַגריסונגען די אָנטיילנעמער, מיט פלאַקאַטן און בילדער. די אַרויסטרעטונגען זײַנען געגאַנגען פונקט לויט דעם אָנגעמערקטן סיידער. פּיאָטר קאָנסטאַנטינאָוויטש, איז די גאַנצע צײַט ניט אָפּגעטראָטן פון זײַנע קאָלווירטניקעס. דעם דריטן טאָג, אינאָוונט, קימאַט פאַר זייער אַרויסטרעטן איז ער ניט געוואָרן. אָט, נאָר וואָס געווען און ניטאָ. ער האָט זיך פאַרקליבן אין אַ צימער הינטערן סצענע און ניט אָפּגעטראָטן פון איינעם אַ מאַנצביל מיט אַ פולן מויל גאָלדענע ציין און מיט אַ שאַליקל אויפן האַלדז.

— אָבער, וואָס האָט איר מוירע?—האָט אַקשאָנעסדיק געפרעגט פּיאָטר קאָנסטאַנטינאָוויטש—איר וועט זען, אַז ס'וועט אײַך ניט פאַרדריסן...

— איר שפּאַסט, צי וואָס?—האָט זיך געהיצט דער פאָרזיצער פון זשורי,—ס'איז דאָך ניט קיין וועטשערינקע, דאָ זיצן הונדערטער מענטשן.

— זאָלן זיי זיצן,—האָט געטײַנעט פּיאָטר קאָנסטאַנטינאָוויטש גאַנץ קאַלטבלוטיק—ווען אַרט עס, זאָלן זיי...—און קענטיק, אַז ער האָט פאָרט אויסגעפירט זײַניקס. ער איז געקומען צולויפן אַ צופרידענער און פון אימפּעט אַ כאַפּ געטאָן וועלוועלען פאַר דער האַנט.

— עס גייט אַ גאַנג!

ס'האָט געענדיקט זינגען דער כאָר פון קאָלווירט „רויטע פאָן”. אויפן סצענע איז אַרויס ליובקע. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווײַסרוסישן קאָסטיום, וואָס האָט זייער געפּאַסט צו איר לענגלעכן פּאָנעם און צו די בלאָנדע האָר. לעכאַטשילע, האָט זי זיך פאַרלאָרן, געקוקט אויף די זײַטן און ניט געוווּסט ווו אַהינצוטאָן די הענט וואָס האָבן איר ווי ניט געלאָזט אָנהייבן זינגען. אַז ס'האָט גענומען שפּילן די מוזיק, האָט זיך ליובקע אַביסל באַרויִקט און פריילעך פאַרצויגן די טשאַסטושקעס.

איר יונגער, קלינגעוודיקער קאָל, האָט הארציק באַזונגען דאָס גליק פון לעבן, די שעפע וואָס איז געקומען אין אונדזערע ליכטיקע הײַזער און וועגן דעם גרעסטן און באַליבסטן מענטשן, וואָס האָט אונדז די שעפע און גליק געשענקט פון דער פולער האַנט.

געענדיקט זינגען, האָט זיך ליובקע פאַרנויגט פאַרן אַפּלאָדירנדיקן עולם און איז אַ באַטריבטע אַראָפּ פון סצענע:

— איצטער וואָלט ער דאָך געדאַרפט אַרויסגיין טאַנצן.

דעם פאָרהאַנג האָט מען ניט פאַרמאַכט. פון הינטער די קוליסן, איז ווי שטענדיק אַרויס דער יונגער מענטש אין די ברילן און געמאָלדן:

— כאַווײרים, דעם האָפּאַק וועט טאַנצן ניט קאָנסטאַנטין פּעטראָוויטש נאָוויקאָוו, נאָר פּיאָטר קאָנסטאַנטינאָוויטש...

— פאַרוואָס עפּעס? האָט עמיצער אויסגעשריען פון זאַל.

— קאָנסטאַנטין פּעטראָוויטש איז ניט געקומען, ער האָט ניט געקאָנט...

— העכער אַביסל, מען הערט גאָרנישט.

— קאָנסטאַנטין פּעטראָוויטש האָט ניט געקאָנט קומען,—האָט מיט אַ העכערן קאָל דערקלערט דער יונגער מענטש—מע וועט שפּעטער דערקלערן פאַר וואָס...

זיצט זעצנ מיר פאָר די פראָגראמ. דעמ אוקראַינישנ האָפאק וועט טאנצנ דער פאָרזיצער פונ קאָלווירט „רויטע פאָנ“ נאָוויקאָוו פיאָטר.

ליובקע איז געזעסנ איבעראשט אונ מעוווּלוול פונ דער אומדערוואַרטער נײַס. איוואנ האָט געקוקט אפ וועלוולען מיט אזעלכע אויגנ אינ וועלכע יעדערער וואָלט געקאָנט איבערלייענענ: „וואָס טוט זיכ עס?“ וועלוול האָט אימ דערמאָנט:

— וואָס איז, קאָנסט ניט אונדזער פאָרזיצער, צי וואָס? מיט אימ וועסטו שוינ ניט פארפאלנ ווערנ. טו נאָר א פיר איבער די קלאפּענעס. ליאָשקע, געפּײַקלט זאָל ווערנ!

אפנ סצענע איז ארויס פיאָטר קאָנסטאנטינאָוויטש, אויסגעפּוצט אינ דעמ קאָסטיומ, וואָס ליובקע האָט צוגעגרייט פאר קאָסטיענ. אזוי ווי קאָסטיע, האָט ער א ווונק געטאָנ צו די מוזיקאנטנ, זיי זאָלנ אָנהייבנ שפּילנ.

די קאָלווירטניקעס האָבנ געקוקט איינע אפ די צווייטע אונ געזוכט אנ ענטפער; וואָס וועט דאָ ארויס פונ דעמ שפּיצל. ער האָט זיי אפילע ניט דערציילט, וואָס ער האָט פארקלערט. וואָלט ער געווענ כאָטשבי מיט א יאָר צענ־פופצנ יינגער, וואָלטנ זיי קיינ רעגע ניט געצווייפלט אינ זײַנ דערפאָלג. איצטער אָבער, אַז דער עלטער האָט ער פארמאָסטנ זיכ מיט דעמ אייגענעמ זונ, וואָס האלט אינ רעכטנ בליענ אונ וואקסט ווי א יונגער דעמב. וואָס וועט שוינ פונ דעמ ארויס?

דער אָרקעסטער האָט געשפּילט. פיאָטר קאָנסטאנטינאָוויטש, האָט זיכ פּאַוואָליע דורכגעשפּאצירט איבערנ סצענע מיט צענומענע הענט אונ באלד אוועקגעלאָזט זיכ טאנצנ לײַכט אונ רירעוודיק ווי א יינגל פונ א יאָר זיבעצנ. ער האָט געקערט וועלטנ. מיט די פיס האָט ער אויסגעטופּעט פארשיידענע פיגורנ, מיט די הענט געפּאטשט איבער די גלאנציקע כאָליעוועס פונ די שטיוול, געטאנצט צוועצנדיק זיכ, געדרייט זיכ ווי א ראָד אונטערוואַרפנדיק די פּאפּאכע צו דער סטעליע. דער טאנצ איז געגאנגענ אינ אנ אָנוואקסנדיקנ טעמפּ. מיט יעדער נײַער פיגור וואָס דער אלטער האָט אופגעפירט האָט זיכ געדאכט, אז ער ווערט אלצ יינגער, צענדליקער יאָרנ פאלנ בא אימ אראָפּ פונ די אקסלענ. עס גלײַכנ זיכ אויס די קנייטשנ אפ דעמ שמייכלענדיקנ פּאָנעמ. ליובקע האָט פונ אימ די אויגנ ניט אראָפּגעלאָזט, אָפּטמאָל האָט זיכ איר געדאכט, אז דאָס טאנצט קאָסטיע אליינ, יעדער קער., יעדער דריי איז דאָכ פונקט קאָסטיעס. דער טענצער האָט געשוועבט אלצ שלאנקער אונ רירעוודיקער אונ ניט פארגעסנ אפילע אָפּשטעלנ זיכ פונקט ווי דער זונ זײַנער. אינ סאמע ברענ פונ טאנצ האָט ער זיכ שטאָלצ אויסגעגלײַכט, פארהייבנ דעמ קאָפּ אונ איז געבליבנ שטיינ אפ אנ אָרט.

דאָסמאָל האָט זיכ דער אוילעמ ניט באנוגנט מיט אפּלאָדיסמענטנ. מע האָט געפּליעסקעט, געטופּעט מיט די פיס אונ אינ איינ קאָל באגריסט דעמ אלטנ טענצער אינ דעמ בונטנ אוקראַינישנ קאָסטיומ. ליאָשקע האָט פאר פרייד צוגעקלאפּט מיט די בראזגולקעלעכ פונעמ פײַקל. ליובקע האָט זיכ געשטעלט אונ עטלעכע מאָל נאָכאנאנד אויסגעשריענ מיט אלע קויכעס.

— פיאָטר קאָנסטאנטינאָוויטש, קאָנסטאנטינאָוויטש...

דער יונגער מענטש אינ די ברילנ האָט געמאָלדנ אנ איבעררײַס.

ניט געקוקט אפ שפעטער נאכט איז קיינער אהיימ ניט אוועק. מע איז געבליבנ וואַרטנ אפ דעמ באשלוס פונ דער זשורי. אייניקע זײַנעו אוועק אינ רויכער־צימער, א טייל איז געזעסנ אינ פאָיע, ווו ס'האָט געשפּילט א בלאָז־אָרקעסטער. מע איז געזעסנ אונ געשמועסט ווער עס וועט פארנעמענ דעמ ערשטנ אָרט.

דער שארפער קלונג פונעמ עלעקטרישנ גלעקל האָט איבערגעריסנ די דיזאָזיקע רייד. מענ איז ווידער ארײַנ אינ זאל אונ פארנומענ די ערטער. ארומ א ברייטנ טיש באדעקט מיט רויטנ געוואנט איז געזעסנ די זשורי אינ פולנ באשטאנד. ווענ אינ זאל איז שטיל געוואָרנ, האָט זיכ דער פאָרזיצער אופגעהייבנ פונ זײַנ אָרט אונ אָנגעהייבנ ריידנ:

— אלזאָ, כאווײרימ! מיר פירנ אונטער די סאכאקלענ פונ דער צווייטער געגנט־לעכער קאָלווירטישער אָלימפיאדע. מיר האָבנ דאָ אלע געזענ וואָס פאר א קוואל פונ טאלאנטנ מיר פארמאָגנ. פונ יאָר צו יאָר ווערט אלצ גרעסער די צאָל אָנטייל־נעמער.—ער האָט א לײַכטנ הוסט געטאָנ אונ א זופּ געטאָנ וואסער. אפנ טיש פונ פרעזידיומ איז ארופגעפלויגנ א צעטעלע. מע האָט אימ איבערגעלייענט אונ דער־לאנגט דעמ רעדנער. נאָכ א קורצער פויזע, האָט ער געמאָלדנ:

— מע בעט דערקלערנ, פארוואָס האָט ניט געקאָנט קומענ אפ דער אָלימפיאדע דער כאָשעווער טראקטאָריסט... דאָ איז פאראנ דער פאָרזיצער פונ קאָלווירט „רויטע פאָנ", עפשער וועט ער אליינ דערציילנ..

— ריכטיק,—האָט מענ באגיטיקט—זאָל ער דערציילנ.

אינ זאל איז געוואָרנ טויט־שטיל. איבער די טרעפּלעכ האָט זיכ אופגעהייבנ דער פאָרזיצער פונ קאָלווירט „רויטע פאָנ" אונ האָט געשטעלט זיכ אפנ סצענע הארט נעבנ טיש. דער אלטער איז א רעגע געשטאנענ אינ פארלעגנהײַט, געקוקט אפ דעמ פולגעפאקטנ זאל, אפ די כאווײרימ פונ זײַנ קאָלווירט, ווי ער וואָלט בא זיי אלע־מענ געפרעגט פונ וואָס־זשע זאָל ער אָנהייבנ דערציילנ. ער האָט זיכ אָנגענומענ מיט מוט, א גלעט געטאָנ די געגאָלטע קינ אונ אָנגעהייבנ:

— ווי איר ווייסט, בראטצי, איז פונ אונדזער קאָלווירט ביזנ גרענעצ, ווי מע זאָגט עס, מיטנ האנט צו דערלאנגענ. די פאנעס, זיי קוקנ נאָכ אלצ ווי אזוי אונדז א ביס צו טאָנ, א שטאָכ צו טאָנ. מיר שלאָפנ אויכ ניט אינ די היטלענ. מיר האָבנ לעבנ זיכ די עמעסע וועכטער, פונ וועלכע מע קאָנ זיכ אָפּלערנענ ווי אזוי צו פאקנ דעמ צווייפיסיקנ שלאנג ווענ ער נעמט זיכ פויזענ צו אונדז. איז אָט, אינדערנאכט פאר אונדזער ארויספאָרנ אהער, איז מײַנ קאָסטיק נאָכ דער רעפּעטיציע געגאנגענ בא־גלייטנ ליובקענ אהיימ,—אָט די זעלבע מיידל, וואָס האָט דאָ געזונגענ די טשאסטוש־קעס. זי איז בא אונדז די בעסטע מעלקערנ. אונ מײַנ קאָסטיע איז אויכ ניט אבי ווער. אינ קאָלווירט בא אונדז זאָגט מענ, אז זיי האָבנ זיכ איינער דעמ צווייטנ ניט פײַנט. דער גוטער יאָר ווייסט זיי. אונדזער קאָסטיע איז אָבער א יאט, וואָס לאָזט קיינ אויגנ ניט אראָפּ פונ גרענעצ. דאָס איז אונדזער אלעמעס פליכט. אונ אזוי טוענ מיר. איז מענ געגאנגענ דורכנ וואלד, געגאנגענ אונ קאָסטיע האָט דערהערט א מאָדנעמ שאָרכ, עפעס ווי אנ איבעריקער שאָטנ האָט אימ א שווינדל געטאָנ. איז, וואָס איז דאָ צו טראכטנ. ליובקע איז אוועקגעלאָפנ אָנזאָגנ אינ קאָלווירט אונ אונד־

ט. הײליקמאַן

# דער װידערשטאַנד פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן קעגן נאַפּאָלעאָנס אינװאַזיע

די עקאָנאָמישע און רעכטלעכע לאַגע פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן ערעװ דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע פונעם יאָר 1812 איז געװען זײער אַ שװערע.

אין דער צאַרישער „פעלקער־טורמע" האָבן די ייִדן פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט אַלס די אַמערסטן אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעט. ניט אומזיסט האָט לענין געשריבן, אַז ייִדן האָבן זיך געפונען אין רוסלאַנד אין דער לאַגע פון אַ קאַסטע.

די ייִדן האָבן באַקומען פון דער רוסישער רעגירונג זײער „קאָנסטיטוציע" — דעם סטאַטוט פונעם יאָר 1804, װוּ עס זײַנען געװען פאַרפעסטיקט די גרונט־שטריכן פון זײער רעכטלאָזיקײַט: דער פאַרבאָט צו װױנען אין די דערפער, אומבאַגרענעצטע מאַכט פון די גאָראָדניטשעס און איספּראַװניקעס איבער די ייִדן אין די שטעט און אױעזדן, װידער אין די פּריצישע שטעטלעך איז דער גאַנצער הערשער איבער זײ געבליבן דער גוטבאַזיצער, װאָס פלעגט זיך אײַזדיעקװען, באַגײן פאַרשײדענע גװאַלדטאַטן איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג און באַשטײַערן זי מיט אַזעלכע אָפּצאָלן, אַז פיל שטעטלעך זײַנען ניט געװען בעקױעך עס אױסצושטײן און פלעגן זיך צעלױפן און װערן פּוסט. אײנער פון אַזױנע „װילדע פּריצים", דער גוטבאַזיצער־זאָריטש, װאָס אים האָט געהערט שקלאָװ, האָט געקוקט אױף די אײַנװױנער פון דער שטאָט, װי אױף זײַנע לײַבאײגענע. ער פלעגט זײ שמײַסן מיט ריטער, קאַטעװען מיט נאַהײַקעס, שמידן אין אײַזן און באַשטײַערן זײ מיט אַזױנע אָפּצאָלן, אַז „ער האָט איבערגעלאָזט אומבאַשטײַערט בלױז די לופט" (װי עס האָבן געשריבן די שקלאָװער ייִדן אין אַן אָנקלאָגע, װאָס זײ האָבן אײַנגעגעבן אױף זאָריטשן). דער סטאַטוט פונעם יאָר 1804 האָט סאַנקציאָנירט די באַשטימונג פון יעקאַטערינע II װעגן דעם טכום, די באַשטימונג, װעלכע האָט װי מיט שטעכיק דראָט אָפּגעצאַמט מער װי אױף הונדערט יאָר די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון דעם גרױסן רוסישן פאָלק. דער סטאַטוט האָט אָבער געלאָזט קימאַט אומבאַרירט די קאָהאָל־סיסטעם. אַפילע די קנאַפּע מוניציפּאַלע רעכט, װאָס די ייִדן האָבן באַקומען, די רעכט, װאָס האָבן געקענט דורכמאַכן אַ קלײנינקן שפּאַלט אין דער קאָהאָל־פעסטונג, זײַנען צוריקגענומען געװאָרן אונטער דעם דרוק פון דער פּױלישער שליאַכטע און דעם שטאָטישן בירגערטום.

די ייִדישע מאסן האָבן זיך געגרייט צו א נײַעם קלאַפּ—צום אָרדנטלעכן ארויסגעטריבן ווערן פון די דערפער, ווען עס איז אויסגעבראָכן די פּאַטערלענדישע מילכאָמע פון דעם יאָר 1812. אנשטאָט די אומגליקן פון ווערן פארטריבן, זײַנען אָנגעקומען די פּלאָגן פון דער מילכאָמע. ייִדן האָט מען ניט געגעבן קיין מעגלעכקײַט צו פארטיידיקן רוסלאנד קעגן דער אינוואזיע מיט געווער אין די הענט. איינס פון די „ייִדישע גליקן" נאָך אין שליאכטישן פוילן איז געווען דאָס, וואָס זיי זײַנען געווען באזײַטיקט פון מיליטער־פליכט. דאָס איז אריבער בעירושע קיין רוסלאנד, און דערמיט איז נאָך שארפער אונטערגעשטראָכן געוואָרן די רעכטלאָזיקײַט און אויסשליסלעכקײַט פון דער ייִדישער לאגע. אין רוסלאנד האָט מען די ייִדישע סאָכרים, באגלײַך מיט די ניט־ייִדישע, פארביטן די בלוט־פליכט אפּ א געלט־אויסקויפּ אין דער גרייס פון 500 רובל. נאָר אויב אפּ זיי איז דער דאָזיקער כעסעד אריבער, אזוי צו זאָגן, פון זייערע קריסטלעכע קלאסן־ברידער, האָט אָבער דער ייִדישער האָרעפּאשניק געדארפט צאָלן פאר זײַן קלוימערשטן ניט טויגן צו מיליטער־דינסט פונקט דעם זעלבן 500־רובלדיקן שטײַער.

בא אזא לאגע האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זײַן, אז די ייִדן זאָלן זיך באטייליקן אין די רייען פון דער רוסישער ארמיי, כאָטש עס זײַנען אפילע געווען פאלן פון העלדישקײַט פון איינצלנע ייִדן, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אלס פרײַוויליקע. וועגן דעם הערויִשן טאט פון אזא פרײַוויליקן דערציילט דער העלד פון דער מילכאָמע פונעם יאָר 1812—דער פארטיזאן דעניס דאווידאָוו. „איינער פון די אולאנער,—שרײַבט ער,—האָט מיט א שווערד אין האנט זיך געיאָגט נאָך א פראנצויזישן יעגער. יעדעס מאָל, ווי דער יעגער פלעגט זיך אָנצילן, פלעגט דער אולאן אָפּפאָרן אָן א זײַט און פלעגט ווידער אָנהייבן פארפאָלגן דעם יעגער, ווי נאָר יענער פלעגט נעמען אנטלויפן. באמערקט דאָס, האָב איך א געשריי געטאָן דעם אולאן: „א כארפּע, אולאן!". ניט ענטפערנדיק קיין וואָרט האָט ער פארקערעוועט דאָס פערד, האָט איבערגעווארט דעם שאָס פון דעם פראנצויזישן יעגער, זיך א וואָרף געטאָן אפּ אים און צעשפּאָלטן אים דעם קאָפּ. נאָכדעם איז ער צוגעפאָרן צו מיר און האָט מיך געפרעגט: „איצט זײַט איר צופרידן, אײַער הויכוווילגעבאָרן?" און אין דער זעלבער רעגע האָט ער א קרעכץ געטאָן: עפּעס א ווילדע קויל האָט אים דורכגעשאָסן דעם רעכטן פוס. פאר זײַן העלדנטאט האָט דער אולאן, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א בערדיטשעווער ייִדן, באקומען א געאָרגי־צייכן".

אויב אזוינע העלדנטאטן זײַנען איבער די אויבן־אָנגעוויזענע סיבעס געווען איינצלנע, האָבן די ייִדישע מאסן געבראכט דער רוסישער ארמיי אנדערע, זייער וויכטיקע נוצן, הויפּטזעכלעך אין פראט פון אויסשפּירונג, וואָס איז אויך געווען פארבונדן מיט לעבנס־געפאר.

נאָך איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קריגס־אָפּעראציעס, ווען עס האָט זיך ארויסגעוויזן וואָס פאר א דאלעס עס איז פארן רוסישן פאָלק די קאָנטינענטאלע סיסטעם און די אומפארמײַדלעכקײַט פון א מילכאָמע צווישן רוסלאנד און פראנקרײַך, פלעגן די ייִדן אויספילן א גאנצע ריי פאראנטוואָרטלעכע אופגאבן אין געביט פון געהיימע באָבאכטונגען, הויפּטזאכלעך, אין די גרענעץ־ראיאָנען. דער ביאליסטאָקער אײַנוווינער הירש אלפּערן איז לויטן אופטראָג פונעם שעפּ פונעם אויסשפּי־

דונגס־אמט פון ביאַליסטאָק, דעם פּאָלקאָווניק טורסקי, געפּאָרן אין מײַ 1811 אין וואַרשעווער הערצאָגטום. אין וועג האָבן די פּאָליאַקן אים ארעסטירט אַלס א פאַרדעכטיקע פערזאָן און נאָכדעם, ווי ער איז אָפּגעזעסן צוויי וואָכן צײַט אונטער אַנ ארעסט, האָט מען אים באַפרײַט. די ידיעס, וואָס ער האָט ארויסבאַקומען, זײַנען געווען אזוי ווערטפול, אז לויט דער אָנווײַזונג פונעם קריגס-מיניסטער באַרקליי־דע־טאָלי האָט מען אים געשענקט א הויכע באַלוינונג. אויסער אַלפערנען פלעגן געבן טורסקין געהײמע ידיעס זעליק פערסיץ, זאַכארי פרידענטאַל א. אנד.

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קריגס־אָפּעראַציעס, באַקומען די אויסשפּירונגען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צו גונסטן דער רוסישער ארמיי א סיסטעמאַטישן כאַראַקטער. וועגן אָט דעם פאַקט זאָגן אײנמוטיק אײדעס סײַ די אָנטײלנעמער פון דער מילכאָמע פונעם 1812 יאָר אין זײערע מעמואַרן און סײַ די שפּעטערדיקע געשיכטע־שרײַבער. אַפילע דער אַנטיסעמיטישער היסטאָריקער פון דער רוסישער געזעצגעבונג וועגן ייִדן, פירשט גאָליצין, איז מיט א זויערער מינע, מיט א באַמערקונג וועגן דעם ייִדישן „פּראַקטישן פּאַטריאָטיזם”, געצוווּנגען צו אָנערקענען די דאָזיקע פאַקטן.

דער אויבנדערמאָנטער פאַרטיזאַנ דעניס דאַווידאָוו שרײַבט, אז „די ייִדן, וואָס ווױנען אין פּוילן, זײַנען אונדז געווען אזוי ווײַט איבערגעגעבן, אז זיי האָבן ניט געוואָלט דינען דעם סוינע אַלס שפּיאָנען און פלעגן זײער אָפט מיטײלן אונדז אויסערסט וויכטיקע ידיעס וועגן אים”. פאַרנומענ גראָדנע, ניט געטרויענדיק די פּוילישע פּריצים, האָט דאַווידאָוו באַאופטראָגט דעם אָרטיקן קאַהאָל צו פאַרוואַלטן מיט דער שטאָט. „מיר האָבן זיך ניט געקאָנט גענוג אָפּלויבן,—שרײַבט דער פּאָלקאָווניק א. כ. בענקענדאָרף,—פון דעם פלײַס און פון דער צוגעבונדנקײַט, וואָס די ייִדן האָבן אונדז ארויסגעוויזן”.

אין דער אויסשפּירונג־דינסט פלעגן ייִדן ארויסטרעטן האַנט בא האַנט מיטן אָרטיקן פּויערטום. דער היסטאָריקער פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע טײלט מיט אַפּן גרונט פון ארכיוו־מאַטעריאַלן אזוי: „די הויפּט־ראָליע אין פירן די געהײמע אויסשפּירונג האָבן געשפּילט די אָרטיקע ייִדן, טײלווײַז, אויך די אָרטיקע פּויערים, אָבער די סאַמע וויכטיקע ידיעס פלעגן אונדז געבן די ייִדן”... אַדאַנק די דאָזיקע אויסשפּירונגען „האָבן מיר רעכטצײַטיק געוווּסט ניט בלויז וועגן די איבערגרופּירונגען און וועגן דער דיסלאָקאַציע פון דעם פראַנצויזישן מיליטער, נאָר אַפילע אויך וועגן די פּונקטן, בא וועלכע נאַפּאָלעאָנ האָט אָנגעמערקט אריבערצופירן זײַן מיליטער איבערן טײַך און נאָך א רײ וויכטיקע פאַקטן און ידיעס”.

די פראַנצויזן פלעגן, פאַרשטײט זיך, זיך נוקם זײַן אין דער ייִדישער באַפעלקערונג אַפּ דעם ברוטאַלסטן אויפן פאַר דער הילף דער רוסישער ארמיי. דאָס האָט אָבער געהאַט א קנאַפּע ווירקונג. עס זײַנען געווען פאַלן פון געהויבענעם העראָיזם פון פּאָשעטע ייִדן, וואָס פלעגן אומקומען פאַר ניט וועלן געבן אינפאָרמאַציע דעם פײַנט. אזוי, לעמאָשל, האָבן די פראַנצויזן אין דער שטאָט באָריסאָוו דערהאַרגעט אײנעם א ייִדן, איהומענער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן זיך זײ אין דינסט; אין שקלאָוו האָבן זײ אויפגעהאַנגען אײנעם א עטינגאָן דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו זײַן א וועג־ווײַזער פון א פראַנצויזישן אָטריאַד.

עס וואָלט געווענ, פארשטייט זיכ, נאַיוו צו לײקענענ, אז עס זײַנענ געווענ פאלנ, ווענ ייִדנ האָבנ שפיאָנירט צו גונסטנ דעמ סוינע, אונ באזונדערס, ווענ זיי פלעגנ אויספילנ פארשיידענע דינסטנ געצוווּנגענערהייט, אונטערנ דרוק פונ צוגעשטעלטנ פיסטויל אָדער אונטער דער געפאר צו ווערנ אופגעהאנגענ. אָבער אינ דער מאסע אירער איז די ייִדישע באפעלקערונג געווענ איבערגעגעבנ דעמ רוסישנ געווער אונ האָט האנט בא האנט געקעמפט אינאיינעמ מיטנ רוסישנ פאָלק קעגנ די פרעמדע פארכאפער.

מיט וואָס איז צו דערקלערנ אזא עכטנ פאטריאָטיזמ פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ בענעגייע צו א לאנד, וואָס האָט זיי באהאנדלט ווי א בייזע שטיפמוטער?

די ייִדישע בורזשואזיע האָט, פארשטייט זיכ, אפ איר שטייגער ארויסגעוויזנ איר „פאטריאָטיזמ“. זי איז רײַכ געוואָרנ פונ די קריגס־ליפערונגענ אונ פאָדריאדנ. די ראבאָנימ, רעבייִמ אונ גווירימ האָבנ מאניפעסטירט פארנ קייסער זייער קאזיאָנעמ פאטריאָטיזמ. אינ קאָלאָ (קאלישער גובערניע) האָבנ זיי צוגעגרייט א פראכטפולע כופע אונ זײַנענ ארויסגעפאָרנ דעמ צאר אנטקעגנ אינ רײַכע בגאָדימ. אינ קאליש האָט דער צאר געגעבנ די מיטגלידער פונ קאָהאָל אנ אאודיענצ אונ האָט געלאָזט דעמ ראָוו זיכ בענטשנ. קאָהאָל האָט ארויסגעלאָזט אנ אופרופ, אז מע זאָל בעטנ בא גאָט „דערפאָלג פונ זײַנע (דעמ צארס) אונטערנעמונגענ“: „דאָס איז יענער אלעקסאנדער דער גרויסער (דאָס הייסט—אלעקסאנדער מוקדנ), וואָס וועגנ אימ איז אינ אונדזערע ספאָרימ געזאָגט, אז ער וועט אופשטעלנ אונדזער בייסהאמיקדעש“. דער באוווּסטער צאדיק פונ ליאדי, שנייער־זאלמענ, האָט געזוענ אינ אלעקסאנדערנ די פארקערפערונג פונ גנאָד. „אויב באָנאפארט וועט זיגנ,—האָט ער געשריבנ,—וועט בא די ייִדנ אָפפאלנ דאָס הארצ, עס וועט זיכ דערווײַטערנ פונ דעמ פאָטער אינ הימל“.

בא דער הויפט־קווארטיר האָבנ זיכ געפונענ אלס „דעפוטאטנ פונ ייִדישנ פאָלק“ צוויי גרויסע מיליטער־פאָדריאדטשיקעס—זונדל זאָנענבערג אונ לייזער דילאָנ.

די ייִדישע בורזשואזע היסטאָריאָגראפיע וויל האָבנ, אז אויכ די פאָלקס־מאסנ זײַנענ געווענ איבערגעגעבנ דער רוסישער ארמיי, מאכמעס זיי האָבנ געהאלטנ „פראנקרײַכ פאר א נעסט פונ פרײַדענקערײַ אונ פונ אפיקאָרסעס, אונ נאפאָלעאָנענ פאר דעמ אויסוווּרפ, וועלכנ ס'האָט געבוירנ די רעוואָליוציע, וואָס איז אופגעשטאנענ ניט בלויז קעגנ דער ערדישער מאכט, נאָר אויכ קעגנ דער הימלשער“. דאָס איז נארישע רעאקציאָנערע רעכילעס אפנ ייִדישנ פאָלק. ווי דאָס ייִדישע פאָלק זאָל ניט געווענ זײַנ דעמלט פארשקלאפט בא דער רעליגיע, וואָלט עס ניט געאָפפערט מיט זײַנ פרײַהײַט צוליב דער „הימלמאכט“. די סיבע ליגט דערינ, וואָס נאפאָלעאָנ האָט געטראָגנ אפנ שארפ פונ זײַנ שווערד ניט קיינ פרײַהײַט דעמ ייִדישנ פאָלק, נאָר נײַע קייטנ פונ פארשקלאפונג.

„וואָס האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט נאפאָלעאָנס רעגירונג,—האָט געזאָגט אפנ פלענומ פונעמ פעווראל־מארט 1937 י. פונ צק אלקפ(ב) כאווער סטאלינ,—א בורזשואזע רעגירונג, וואָס האָט דערשטיקט די פראנצויזישע רעוואָליוציע אונ האָט אײַנגעהיט בלויז יענע רעזולטאטנ פונ דער רעוואָליוציע, וועלכע זײַנענ געווענ לוינבאר פאר דער גרויס־בורזשואזיע“.

עס איז קלאָר, אַז אויך מיט זײַן גאַנצער דעראָבערונג־פּאָליטיק האָט נאַפאָלעאָן אויסגעדריקט די אינטערעסן פון דער זעלבער גרויס־בורזשואַזיע. צוליב איר האָט ער געשיקט די פראַנצויזישע פויערים אַף אומקומעניש קיין רוסלאַנד. וו. אי. לענינס מײַסטערהאַפטע כאַראַקטעריסטיק פון נאַפאָלעאָנס מילכאָמעס גיט דעם שליסל צו דערקלערן די אויפפירונג פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן: „די מילכאָמעס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע האָבן זיך אָנגעהויבן אַלס נאַציאָנאַלע און אַזעלכע זײַנען זיי געווען. די דאָזיקע מילכאָמעס זײַנען געווען רעוואָליוציאָנערע: שוץ פון דער גרויסער רעוואָליוציע קעגן דער קאָאַליציע פון די קאָנטררעוואָליוציאָנערע מאָנאַרכיעס. אָבער ווען נאַפאָלעאָן האָט געשאַפן די פראַנצויזישע אימפּעריע, פאַרשקלאַפנדיק אַ גאַנצע רײ שוין לאַנג זיך אויסגעבילדעטע, גרויסע, לעבנספײַיִקע נאַציאָנאַלע מעלוכעס פון אײראָפּע, דאַן האָט זיך פון די נאַציאָנאַלע פראַנצויזישע מילכאָמעס באַקומען אימפּעריאַליסטישע, וואָס האָבן פון זייער זײַט אַרויסגערופן נאַציאָנאַל־באַפרײַערישע מילכאָמעס קעגן נאַפאָלעאָנס אימפּעריאַליזם“ (181, XIX).

די נאַציאָנאַלע באַפרײַונגס־מילכאָמעס פונעם רוסישן פאָלק קעגן נאַפאָלעאָנס אינוואַזיע האָבן ניט געקאָנט ניט אַרײַנציִען אויך די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס האָבן אויך געקרעכצט אונטער דעם אײַזערנעם קנאַפל פונעם דעראָבערער. זיי זײַנען רויִנירט געוואָרן פון די אומגעהײַערע קאָנטריבוציעס, „פּאָסטאָיען“ און מאַראָדיאָרן. גיט ווייניק ייִדן זײַנען אומגעקומען פון די מיליטערישע פעלד־געריכטן אַלס אָנגעקלאָגטע אין שפּיאָנאַזש צו גונסטן פון רוסלאַנד. נאַפאָלעאָנס כײַנדלען זיך צו די פוילישע פריצים האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן. פאַרשטייט זיך, אַז ווייניקער פאַר אַלץ איז ער אויסן געווען דעם נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט פון פוילן: „אַמאָליקע צײַטן פלעגן אַלעקסאַנדער דער I און נאַפאָלעאָן זיך בײַטן מיט פעלקער, אַמאָליקע צײַטן פלעגן די צאַרן זיך בײַטן מיט פוילן“ (לענין, XX, 277); „די צאַרן האָבן געפירט די פּאָליטיק פון אַנעקסיעס אַף אַ גראָבן אופן, אויסטוישנדיק איין פאָלק אַף אַ צווייטן לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט אַנדערע מאָנאַרכן (די צעטיילונג פון פוילן, דאָס געשעפטל מיט נאַפאָלעאָנען וועגן פינלאַנד אאַוו), פונקט אַזוי ווי די פריצים פלעגן בײַטן צווישן זיך די לײַבאײגענע פויערים“ (לענין, XX, 325).

איבער נאַפאָלעאָנס אינטריגעס אין פוילן האָבן די ייִדישע פאָלקס־מאַסן געדינט אַלס אָביעקט פאַר דער העצע און רעדיפעס מיצאַד די אָקופּאַנטן און זייערע פוילישע אַגענטן אין דער ליטע. „די כיטרע ייִדן,—האָט זיך געקלאָגט די „צײַטווײַליקע רעגירונג־קאָמיסיע“ (ביים דער פראַנצויזיש־פוילישער פאַרוואַלטונג),—וואָס זײַנען ניט דאַנקבאַר דעם לאַנד, וואָס שפּײַזט זיי, פאַרנעמען זיך הויפּטזאַכלעך מיט שפּיאָנאַזש צו גונסטן דעם סוינע“. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אונטערגעוואָרפן די ייִדישע באַפעלקערונג אונטער אַ באַזונדערן אויפזיכט פון די געהילף־פּרעפעקטן. צולעצט, האָט זי פאַרווערט די ייִדן צו באַוועגן זיך פון איין אָרט אַף אַ צווייטן אָן ספּעציעלע פּאַספּאָרטן, וואָס מע פלעגט אָבער אַרויסגעבן בלויז יענע, פאַר וועלכע קאָהאַל פלעגט געבן אָרוועס.

אין אַ גאַנצער רײ ערטער פון גראָדנער, מינסקער און ווילנער גובערניעס, וואָס די רוסישע אַרמײ האָט צוריק באַזעצט, האָבן זיך פאַרשפּרייט בײַזוויליקע

קלאנגענ, אז די פוילישע פריצימ איניינעמ מיט די פראנצויזישע קריגס־געפאנגענע גרייטנ זיכ צו א שכיטע אפ דער ייִדישער באפעלקערונג אונ אפ די אָרטיקע רוסישע אײַנוווינער. די דאָזיקע קלאנגענ האָבנ געהאט אונטער זיכ, אפאָנעמ, אנ ערנסטנ באָדנ: דאָס איז צו זענ פונ די ספעציעלע מאָסמיטלענ, וואָס עס האָט אָנגענומענ די רוסישע מיליטערישע מאכט.

די ייִדישע מאסנ האָבנ איבערגעלעבט די קלעפ פונ דעמ אלעקסאנדער־רעזשימ, אָבער נאָכ ביטערער, נאָכ שווערער איבערצוטראָגנ איז געווענ נאפּאָלעאָנס אינוואזיע. אומקערנ זיכ יאָכ פונ דעמ פריצישנ פוילנ, וואָס וואָלט געווענ בלויז א מאריאָנעטקע באמ דעראָבערער, האָבנ זיי ניט געוואָלט. זיי האָבנ געהאָלפנ ווי ווײַט מעגלעכ דעמ רוסישנ פאָלק, מיט וועמענ זיי האָבנ אפ שטענדיק פארבונדנ זייער גורל, צו פארטרײַבנ דעמ אָנגעקומענעמ סוינע.

העכער 125 יאָר זײַנענ אריבער זינט דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. אינ פארלויפ פונ די 21 יאָר גרויסע סאָציאליסטישע רעוואָליוציע זײַנענ פארהיילט געוואָרנ די דוירעסדיקע וווּנדנ, וואָס דער צאריזמ האָט פארשאפט דעמ ייִדישנ פאָלק. אפ די לוכעס פונ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע אינ אויסגעקריצט דער נאָמענ אויכ פונ דער ייִדישער מעלוכעשאפט. דער פאטריאָטיזמ פונ דעמ גליקלעכנ סאָוועטישנ ייִדישנ פאָלק פלאקערט זיכ פאנאנדער אלצ העלער. יעדנ שפאנ הייליקע סאָוועטישע ערד איז דער ייִדישער ארבעטער, דער קאָלווירטניק גרייט, מיט מעסירעסנעפעש צו פארטיידיקנ קעגנ דער פאשיסטישער אימפעריאליסטישער אומצוכט, וויבאלד זי וועט נאָר דערוועגנ זיכ צו פארמעסטנ אפ אונדזערע הייליקע גרענעצנ.

ח. לויצקער

# פראגנ פונ סטיליזאציע

## (אינ די יידישע איבערזעצונגענ פונ פושקינס ווערק)

מע קענ אמאָל אינ אנ איבערזעצונג איבערגעבנ גאנצ גענוי דעמ אינהאלט פונעמ אָריגינאל, זיינ גאנצנ לעקסיש־סעמאנטישנ טאָכ, אפילע די סטרוקטור פונעמ אָריגינאל־פערז,—אונ די גאנצע רייד־מאניר זאָל דאָכ בלייבנ וויט פונעמ אָריגינאל. באזונדערס אָפט טרעפט עס, ווענ דאָס געגעבענע ווערק פארמאָגט א ספעציעלנ אראָמאט, א ספעציעלנ „געווירצ", וואָס דער שרייבער האָט אינעמ ווערק „אריינגעטאָנ" צוליב באשטימטע קינסטלערישע טיימים: ווענ דאָס ווערק איז סטיליזירט.

מיר וויסנ, אז פושקינס סטיל איז אינ גרונט א רעאליסטישער. אינ די ראמענ פונ פושקינס רעאליסטישנ סטיל האָבנ מיר בא אימ געוויסע סטיליזאציעס, וואָס זיינענ פארבונדנ מיט דער געשילדערטער עפּאָכע, מיטנ זשאנר, מיט דער טעמאטיק, מיטנ סאָציאל־קינסטלערישנ געשטאלט.

אזוי, אשטייגער, זיינענ פושקינס מייסעלעכ סטיליזירט אינ גייסט פונ פאָלקלאָרישער שפּראכ־פּאשטעס. אינ דער היסטאָרישער טראגעדיע „באָריס גאָדונאָוו" האָבנ מיר עטלעכע סטיליזאציעס: די שפּראכ פונ די אָפיציעלע פערזאָנענ—באָריס, פּאָטער פּימענ אאוו. זיינענ געבויט אינ גייסט פונ געהויבענעמ פייערלעכנ סטיל, אונ די רייד פונ די פאָלקס־מענטשנ—אינ גייסט פונ אומגאנג־שפּראכ.

צי דארפנ אונ צי קענענ די דאָזיקע פארשיידענע סטיליזאציעס אָפּגעשפּיגלט ווערנ אינ דער איבערזעצונג.

אינ דער נייטיקייט אָפּצושפּיגלענ די דאָזיקע סטיליזאציעס איז אומעגלעכ צו צווייפלענ: די סטיליזאציע שטעלט מיט זיכ פאָר דאָס מער אינדיווידואליזירנדיקע, וואָס דאָס איז קינסטלעריש באזונדערס ווערטפול, אונ דאָס ניוועלירנ די סטיליזאציעס אינ דער איבערזעצונג וואָלט צוגענומענ באמ ווערק א וויכטיקנ קינסטלערישנ עלעמענט.

וואָס אָנבאלאנגט דער מעגלעכקייט, איז די פּראָבלעמ אסאכ קאָמפּליצירטער.

אויב ס'זיינענ פאראנ אזויפיל שוועריקייטנ ביכלאל באמ איבערזעצנ פונ איינ שפּראכ אפ דער אנדערער, איז באזונדערס שווער צו איבערגעבנ אינ אנ אנדער שפּראכ די סטיליזאציעס, ווארעמ דאָ טרעטנ אמבוילעטסטנ ארויס די אייגנארטנ

אינעם בוי פון דער אָריגינאַל־שפּראַך—ספּעציפישקייַטן, וואָס זייַנען געבונדן מיט די אָדער יענע נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע אייגנטימלעכקייַטן פון דעם פאָלק, פון די סאָציאַלע גרופּעס, וואָס ווערן אינעם געגעבענעם ווערק געשילדערט. שווער איז איבערגעבן די סטיליזאַציעס, זייער שווער, אָבער ניט אוממעגלעך. דאָס באַווייַזט אונדז דער עצם פאַקט, וואָס אונדזערע פּושקין־איבערזעצער אין ייִדיש האָבן אַזעלכע פּרוּוון געמאַכט.

ווי געלונגען זייַנען די דאָזיקע פּרוּוון—דאָס וועלן מיר זען פונעם אַנאַליז פון די קאָנקרעטע סטיליזאַציעס.

---

## „באָריס גאָדונאָוו", איבערגעזעצט ל. רעזניק

„באָריס גאָדונאָוו" איז איינע פון די רייַפסטע ווערק פּושקינס. פּושקינס מייַסטערשאַפט האָט דאָ דערגרייכט ביז צום אַפּאָגיי. דאָ איז מאַקסימאַל סטיליזירט די שפּראַך פון פאַרשיידענע גרופּעס פּערסאָנאַזשן.

באַם סטיליזירן די שפּראַך פון גאָדונאָווס פייַערלעכע מאָנאָלאָגן, פון פּאָסטער פּימענס אַדג. איז דעריקער אויסגענוצט די קירכ־סלאַווישע לעקסיק.

דער כ׳ ל. רעזניק [1]) איז אינגאַנצן גערעכט, ווען ער רעדט וועגן די באַזונדערע שוועריקייַטן, וואָס דעם איבערזעצער קומט אויס גיווער צו זייַן באַם איבערזעצן אַזעלכע ערטער. וואָס איז דאָס פאַר באַזונדערע שוועריקייַטן? פּושקין האָט געניצט די קירכ־סלאַוויזמען בלויז אַפּ צוצוגעבן דער רייד־פייַערלעכקייַט און אַפּ איבערגעבן דעם ספּעציפישן קאָלאָריט און אַראָמאַט פון דער שפּראַך פון יענער צייַט, ניט אַרייַנפאַלנדיק אין „הויכן שטיל", וועלכן פּושקין האָט באַקעמפט. איז אָט: דעם איבערזעצער קומט אויס צו באַלאַנסירן צווישן דער נייטיקייַט איבערצוגעבן דעם דאָזיקן טיפּ סטיליזאַציע און דער נייטיקייַט צו פאַרהיטן די פאַרשטענדלעכקייַט.

די דאָזיקע „באַלאַנסירונג" קען רעאַליזירט ווערן אַפּ עטלעכע אופאַנים:

1) דורך דער קוואַנטיטעט פון די סטיליזאַציעס—וואָס ווייניקער שווערע, ווייַטע, אומפאַרשטענדלעכע אַרכאַיִזמען, וואָס שיטערער זיי געבן אין טעקסט,—אַלץ ווייניקער וועלן זיי פאַרשווערן דאָס אופנעמען דעם גאַנצן טעקסט. עמעס, דער דאָזיקער אופן איז שייַעך אויך צום אָריגינאַל, אָבער אין אַ גרעסערער מאָס—צו דער איבערזעצונג, וואָרעם אין דער טראַנספאָרמירטער שפּראַך האָט דער אַרכאַיִשער שטאָפּ אַ ווייניקער גינסטיקע אַטמאָספער איידער אין דער אָריגינאַל־שפּראַך, אַפּ וויפל אין דער אָריגינאַל־שפּראַך האָבן מיר אַ מער אָרגאַנישע באַהעפטונג פון פאַרשיידענע סטיל־קאָמפּאָנענטן, איידער דאָס איז מעגלעך אין דער איבערזעצונגשפּראַך, וועלכע האָט זיך, אַלס אַזאַ, אַ גאַנצע רייי אַנדערע, צוגאָב־שוועריקייַטן אַפן וועג צום לייענער.

2) דורך דעם אינהאַלט און דורך די אייגנשאַפטן פון די סטיליזאַציעס—וואָס גענויער, ריכטיקער איבערגעבן דעם אַדעקוואַטן אינהאַלט פונעם אָריגינאַל־

[1]) ל. רעזניק—באַ דער אַרבעט פון איבערזעצן „באָריס גאָדונאָוו" („פּאַרמעסט", נ. 1, 1937)

וואָרט—דעם ארכאַיזם, וואָס פּאַסיקער ער זאָל זײַן צום סטיל פון דער גאָרעוו־שפּראַך, מיט וועלכער ס'איז איבערגעזעצט דאָס געגעבענע אָרט.

3) דורך מעגלעכסטער פאַרײנפאַכונג פון די סטיליזאַציעס—זיי זאָלן ווײַט־מעגלעך זײַן צוגענגלעך פאַרן מאַסן־לייענער,—ווײַט־מעגלעך, ווײַל דאָס איז אין גרונט א ביז־גאָר שווערע אויפגאַבע; אַסאַך איז דאָ נאָך געווענדט אָן דער שפּראַך־ארומרינגלונג פונעם געגעבענעם וואָרט.

וויאַזוי ס'ווערט רעאַליזירט דער ערשטער אויפן—דאָס רעגולירן די צאָל אַרכאַיזמען—איז צוליב אונדזער אנאַליז ווייניקער וויכטיק. דאָ איז עפּשער געווען גענוג אײַנצושטעלן דעם פּרינציפּ און אין שײַן פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ פעסטשטעלן גופא דעם פאַקט, אַז אין דער יידישער איבערזעצונג פון „באָריס גאָדונאָוו"—דאָס גרעסטע איבערזעצטע פּושקינס ווערק מיט אַרכאַישער סטיליזאַציע—איז ווייניקער אַרכאַיזמען איידער אינעם אָריגינאַל.

אַסאַך וויכטיקער איז דער צווייטער אויפן—דער אַדעקוואַטער טײַטש פונעם אַרכאַיזם—און זײַן אָרגאַנישקײַט אינעם קאָנטעקסט. ניט ווייניקער וויכטיק איז אויך דער דריטער אויפן—געפינען אין דער איבערזעצונג־שפּראַך דעם טײַטש, וואָס, בײַ זײַן גאָרער אַדעקוואַטקײַט און קלאָריטישקײַט, זאָל ער זײַן גענוג פאַרשטענדלעך. אָט די בײדע אויפגאַבעס, וואָס זײַנען, אײגנטלעך, צווישן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן, דאַרפן מיר גענוי אַנאַליזירן אָפּ באַזונדערע איבערזעצונג־מאָמענטן.

די אַרכאַישע, קירכ־סלאַווישע לעקסיק פון „באָריס גאָדונאָוו" געפינט אין דער יידישער איבערזעצונג דעם עקוויוואַלענט אין צוויי קוואַלן פונעם יידישן וואָרטשטאָף.

## אַרכאַיש־העברייִשע לעקסיק

ערשטנס, טרעפן מיר דאָ איבערזעצונגען פון אַזעלכע ווערטער, וואָס זייער טײַטש אין יידיש ווערט בכלל איבערגעגעבן דורך א העברייִזם:

| | |
|---|---|
| 1) איך נעם אָן די מאַכט די גרויסע מיט הכנעה און מיט פּחד. | 1) Что я приемлю власть великую Со страхом и смиреньем (Борис) |
| 2) מיך אויפגענומען האָט אין די קיטעס פון מלאָכים זײַנע. | 2) Приял меня в лик ангелов своих (Борис) |
| 3) די נישטיקײַט.. פון וועלטלעכע הבֿלים. | 3) Ничтожность мирских сует (Пимен) |
| 4) טו טשוווע מיט א תּענית און מיט תּפילה. | 4) Смиряй себя молитвой и постом (Пимен) |
| 5) זיי זאָלן תּפילה טאָן צו דעם דערלייזער. | 5) Спасителя смиренно умоляют (Пимен) |

צווייטנס, זײַנען פאַראַן איבערזעצונגען פון ווערטער, וואָס בכלל אַן און פאַר זיך קענען זיי אין יידיש איבערגעזעצט ווערן אויך מיט ניט־אַרכאַיזמען, נאָר דער

איבערזעצער האָט ספּעציעל אויסגעפונען פאַר זיי פּאַסיקע אַרכאַיזמען־העברייִזמען, כּדי צו איבערגעבן דעם קאָלאָריט פון דער אָריגינאַל־שפּראַך.

| | |
|---|---|
| 1) און אַניוועסדיקן געדולד. | 1) И кроткого терпенья (Борис) |
| 2) דײַן בענטשונג הייליקע אַף דער מעמשאָלע. | 2) Священное на власть благословенье (Борис) |
| 3) אָ צאַדיק, אָ, דו פאָטער מאַל־כעסדיקער. | 3) О, праведник, о, мой отец державный (Борис) |
| 4) אין שאָען פרײַע פון אַוויידע געטלעכער. | 4) Свободный от подвигов духовных (Пимен) |
| 5) און ווען ער איז ניסטאַלעק געוואָרן. | 5) Когда же он преставился (Пимен) |
| 6) אים אָפּגעגעבן אונטער דער האַש־גאָכע... צוא זאָקן אַ בעניִמעס־דיקן און אַן אָנעוו. | 6) Отдал его под начал старцу кроткому и смиренному (Пимен) |

## פאַרעלטערטע גערמאַניזמען מיט שאַטירונג פון עמפּאַטישקײַט

| | |
|---|---|
| 1) אַז זײַן כ׳זאָל גנעדיק און גע־רעכט ווי דו. | 1) Да буду благ и праведен как ты (Борис) |
| 2) פון הימל אַף די טרערן בליק אַראָפּ. | 2) Воззри с небес на слезы верных слуг (Борис) |
| 3) מיט וווילגערוך זיך אָנגעפילט דער פּאַלאַץ. | 3) Исполнились святым благоуханьем (Пимен) |
| 4) געלײַטזעליקט די נישטי־קײַט פאַרשטיין. | 4) Сподобил бог уразуметь. (Пимен) |
| 5) וואָס האָט דעם גײַסט פון לײַט־זעליקײַט. | 5) Благословен всевышный, поселивший дух милости (Патр.) |

אָט איז אַ מוסטער פון איבערגעבן אין ייִדיש די סטיליזאַציע פון סינטאַקסישן בוי פון טפילע־טעקסט:

| | |
|---|---|
| אָ, קייסער הימלשער, דער דאָ איז אייביק און אומעטום! פאַרנעם פון דײַנע קנעכט די טפילע: לאָמיר טפילע טאָן פאַר אונדזער מאָנאַרך, דעם פון דיר אויסדערוויילטן פרומען... | Царю небес везде и присно сущий, Своих рабов моленью внемли: Помолимся о нашем государе, Об избраном тобой, благочестивом (Мальчик). |

דער דײַטשמערישער אַלטייִדישער קאָאָרדיניר־אויפן איז דאָ ווי אָנגעמאָסטן אָפּ צו איבערגעבן דעם גײַסט פון דער פּאַרטיציפּישער קאָנסטרוקציע אין אָריגינאַל.

זייער שווער איז איבערזעצן די ווערטער, וואָס נאָמינירן די פאַרשיידענע אַק־סעסוארן פון רעליגיעזן קולט, באַזונדערס פון מאָנאַכיש־פּראַוואָסלאַוונער אויסקומע־

ניש, די, אזויצוזאָגנ, קלעריקאלע „טעכנישע לעקסיק“. אויב פאר אבסטראק־ציעס, וואָס זײַנענ געבונדנ מיט עלטערער רוסישער געשיכטע, מיט הימל־באגריפנ און מיט פרום־קריסטלעכער פאטעטיק קענ מענ נאָכ געפינענ יידישע אנטשפרעכערס, וואָס דער איבערזעצער שעפט פונ דער יידישער ארכאיק,—איז אזעלכע אנטשפרע־כערס פאר די קאָנקרעטע מאטעריעלע געגנשטאנדנ פונ דער קריסטלעכער רע־ליגיע אינ יידיש קימאט ניטאָ.

דער אײנציקער אויסוועג איז דאָ, ווײַזט אויס, איבערגעבנ די דאָזיקע באגריפנ מיט ווערטער, גענומענע פונעם אָריגינאל:

באָיארנ, ווערשע, אָפריטשניק, קעליע, דיאק, ס'נקליט, קאנאָנענ הײליקע אאוו. דאָכ גײט ניט דער איבערזעצער אינ דעם פראט אפנ וועג פונ קלענסטנ ווידער־שטאנד: ווו ס'לאָזט זיכ, געפינט ער פאר אײניקע רעליגיעזע טערמינעס א געוויסנ אנטשפרעכער אינ יידישנ ארכאישנ וואָרט־אינווענטאר: אינ פאָלעש—„на паперти“, אינ כײרעם—„анафема“ אדג.

אָט איז א פאל, ווענ אײנס און דאָס זעלבע וואָרט איז איבערגעזעצט פאר־שײדנ, אָנ שום אָנזיכטיקע באדינגטקײַט פונעם קאָנטעקסט:

| | |
|---|---|
| 1) נאָכ אײנע נאָכ, די לעצטע שוינ געשיכטע. | 1) Еще одно последнее сказанье |
| 2) די וואָרהאפטיקע מײַסעס איבערשרײַבנ. | 2) Правдиво сказанье перепишет (Пимен). |

אָבער דאָס זײַנענ ווײניקע אויסנאמענ. אינ אלגעמײנ זײַנענ די איבערזעצונגענ פונ פושקינס קירכ־סלאווישע סטיליזאציעס מיט אנטשפרעכיקע יידישע ארכאיזמענ זײער טרעפלעכע און גיבנ איבער דעם טאָכ פונ דער שפראַכ פונ די געהעריקע פושקינס פערסאָנאזשנ.

אויב דער קײסער גאָדונאָוו און די פארשײדענע גײַסטלעכע רײדנ אפ א פײַער־לעכ־דערהויבענער און באדינגלעכער שפראכ, פול מיט קירכ־סלאווישער לעקסיק און זאצבוי, איז די שפראכ פונ דער מאסע און פונ די העפקערדיקע מאָנאכנ אינעם זעלבנ ווערק גאַר אנ אנדערע—א קאָנקרעטע, א פראָסטע, א יאָדערדיקע, א זאפטיקע, פול מיט פאָלקס־ווערטלעכ. דאָס געפינט די אָפשפיגלונג אויכ אינ דער יידיש־איבערזעצונג אינ פאָלגנדיקע שפראכ־קאטעגאָריעס:

## פראזעאָלאָגישע אויסדרוקנ אידיאָמענ.

| | |
|---|---|
| 1) און אנדערע האָבנ פלײ אינ נאָז. (עמעס, אביסל צו פרײַ) | 1) А иное чванство (Варлаам) |
| 2) מע וועט קענענ אָפלעקנ א בײנדל. | 2) Будет чем поживиться (Пристав) |
| 3) מאכט א וועג! מאכט א וועג! (בעסער נאָכ וואָלט געווענ: „מאכט א ווארע“!) | 3) Расступитесь! Расступитесь! (Народ) |
| 4) זיכ צוגעשארט. | 4) Присуседился (Варлаам) |
| 5) גײ שוינ! | 5) Полно! (Народ) |
| 6) ניט אונדזער גלײַכנ. | 6) Не нам чета (Народ) |

באזונדערס אינטערעסאנט זײַנענ דאָ די יאָדערדיקע „געפּעפּערטע“ פאָלקס־אויס־דריקנ.

| | |
|---|---|
| 1) טראָג זיכ אָפּ! | 1) Проваливай! (Варлаам) |
| 2) וואָס פאר א שוואַרציאָר וועלנ זיי כאפּנ? | 2) Ни лысого беса не поймают (хозяйка) |
| 3) פּײגערנ זאָלנ זיי, פארשאָלטענע! | 3) Чтоб им издохнуть, окаянным! (Хозяйка) |

ביכלאל—נאטירלעכע, אומבאצוווּנגענע רייד, אינ דער זעלבער צײַט שטארק נאָענט צום אָר יגינאל.

## גלײַכווערטלעכ.

| | |
|---|---|
| 1) דאָס עפּעלע פאלט ניט ווײַט פונעם ביימעלע. | 1) Яблоко от яблони недалеко падает. (Из народа) |
| 2) יעדערער האָט זיכ זײַנ גאנג. | 2) У всякого свой обычай (Варлаам) |

אָט איז א מוסטער, וויִאזוי דער איבערזעצער גיט איבער דעם גוטברודעריש־פארשווערערישנ טאָנ פונעם דיִאלאָג צווישנ די הויפלײַט:

וואָראָטינסקי: געשטעלט מ׳האָט ביידנ אונדז אפּ שטאָט צו שאפּנ,
נאָר, דוכט זיכ, ווּעמענ אופּזוענ איז ניטאָ;
ס׳איז מאָסקווע פּוסט, ס׳איז נאָכנ פּאטריִארכ נאָכ
אינ מאָנאסטיר אוועק אויכ ס׳גאנצע פאָלק.
וואָס, מיינסטו, ס׳זײַנ דער סאָפ פונ דער בעהאָלע?

שויסקי: דער סאָפ? זיכ אָנשטויסנ איז גאָר ניט שווער:
דאָס פאָלק וועט נאָכ א יאָמער טאָנ, א וויינ טאָנ,
באָריס וועט נאָכ אביסל זיכ א קנייטש טאָנ,
אָט ווי דער שיקער בא א גלעזל ווײַנ.
אונ ענדלעכ מיט זײַנ גנאָד האכנאָעדיק
באוויליקנ וועט אָנעמענ די קרוינ...

דער דאָזיקער דיִאלאָג איז געבויט אינ סטיל פונ אינטימער, נאטירלעכער tete ã tetė־שפּראכ פונ מענטשנ, וואָס אינ אָט דעם מאָמענט זײַנענ זיי ניט גע־נויגט צו פארוואָלירנ זייערע קאוואָנעס מיט שיינע רייד. יעדע זאכ ווערט דאָ קאָנקרעט אָנגערופנ באם עמעסנ נאָמענ. מיר האָבנ דאָ ריטאָרישע פראגעס, מאסנ־טימלעכע אויסדרוקנ, אידיִאָמענ, א ווּלגארנ פארגלײַכ אונ אויכ צום סאָפ אנ אינטע־רעסאנטע פאראָדיע אפ דער מאיעסטעטישער רייד פונ גאָדונאָוו. דאָס אלצ איז גלענצנדיק איבערגעגעבנ אינ דער איבערזעצונג.

אָבער בא די זעלבע גרופּעס פּערסאָנאזשנ, אינ דער גאנצער טראגעדיע, טרעפנ מיר אויכ ארכאיִשע לעקסיק. כוצ די ספּעציִעלע סטיליזאציעס פונ דער רייד פונ

באזונדערע פערסאָנאזשנ אינ „באָריס גאָדונאָוו", האָבנ מיר אינעמ גאנצנ ווערק א געוויסע פלאסט קירכ־סלאווישע לעקסיק, וואָס גיט איבער דעמ קאָלאָריט פונ יענער היסטאָרישער עפּאָכע, וואָס ווערט אינעמ דאָזיקנ ווערק געשילדערט. די קירכ־סלאַווִיזמענ אינ „באָריס גאָדונאָוו", צוזאמענשטויסנדיק זיכ מיט אומגאנג־רייד אונ פּראָסטער שפּראכ (с просторечием и простонародным языком), אָרגאַניזירנ דאָכ דעמ דיאַלאָג פונ ארכאַיסטישנ טיפּ. דעריבער זײַנענ די ארכאַישע פאָרמענ פונ די קירכ-סלאווִיזמענ ניט בלויז אָפּגעטיילט פונ דער לעקסישער סיסטעמ פונ דער ליטעראַרישער שפּראכ פונעמ אווטאָרס (פּושקינס—כ. ל.) צײַט, נאָר זיי זײַנענ באַשײַמפּערלעכ קעגנגעשטעלט דער דאָזיקער סיסטעמ אלס צו א שפּראכ־פאָרמ פונ אנ אנדער סוויווע, פונ אנ אנדער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט" [1].

דעריבער איז קיינ כידעש ניט, וואָס בא די פערסאָנאזשנ־פאָלקסמענטשנ טרעפנ מיר אויכ ארכאַישע, קירכ־סלאווישע לעקסיק, איבערגעמישט מיט מאסנ־שפּראכ, מיט ווויל־יונגערישע פאָלקסטימלעכע אויסדריקנ.

אינ דער איבערזעצונג באקומט דאָס אויכ די געהעריקע אָפּשפּיגלונג. אָט, אשטייגער, ווענ די אנטלאָפענע מאָנאכנ מאכנ פאר די פריסטאווס א פרומ פּאָנעמ, איז אלס ענטפער אפנ פריסטאווס פראגע—ווי גייט עס,—ענטפערט ווארלאאמ:

האָבנ ליב די מאטבייע; באהאלטנ די
מאטבייע... ס'האָט
אראָפּגענידערט א גרויסער כעס אפ
די אומעס פונ דער ערד.
ס'גייט דורכ א וואָכ, צוויי, כאפּסט א
קוק אינ בײַטעלע, ערשט אינ דעמ איז
אזוי ווינציק, אז ס'איז א בעזויענ אינ
מאָנאסטיר זיכ באווײַזנ...

Деньгу любят, деньгу прячут... Прииде грех на языцы земныя... Пройдет неделя, другая, заглянешь в мошонку, ан в ней так мало, что совестно в монастырь показаться... (Варлаам).

די פרומ־קריסטלעכע לעקסיק (אראָפּגענידערט א גרויסער כעס אפ די אומעס") דינט דאָ אלס מימיקריע, אָבער באנאנד מיט איר האָבנ מיר די אומגאנגלעכע וועלטלעכע שפּראכ („כאפּסט א קוק אינ בײַטעלע").

דאָס זעלבע טרעפנ מיר אינ די רייד פונעמ פּאלשנאָמיקנ:

איכ וואָלט, ווי דו, באוויזנ אפ דער
עלטער
זיכ אָפּטונ פונ דער וועלט,
פונ וועלט־האוואָלימ
אונ דעמ מאָנאכנ־נײַדער אפ זיכ
נעמענ,
זיכ אָפּשיידנ אינ שטילנ מאָנאס־
טיר.

Успел бы я, как ты, на
старость лет
От суеты, от мира отложится,
Произвести монашества
обет
И в тихую обитель затвориться (Григорий).

[1]) В. ВИНОГРАДОВ—Язык Пушкина, 1934, стр. 147.

צי, אשטײגער, די רײד פונ דער באלעבאָסטע אינ קרעטשמע:

מיט װאָס זאָל איכ אײַכ אזױנס מעכאַבעד זײַנ, זקײנים חשובֿים?

Чем то мне вас отчевать,
старцы честные (Хозяйка).

אמאָל פאלט דער איבערזעצער ארײַנ אינ פאלשער סטיליזאציע, געבנדיק אקעגנ א מאסנטימלעכנ אױסדרוק אנ אָנגעטראכטנ,— ניט פארשטענדלעכנ העברײיזם: פאר־שאָלטענע גזע (?) Проклятое племя (Из народа). עפשער איז דאָס דאָזיקע װאָרט געברױכלעכ אינ עפעס א רײדעניש, אָבער דער ליטעראַרישער אינטער־דיאַלעקטאלער שפּראכ איז דאָס פרעמד.

זעלטנ װענ באגעגענענ זיכ אנדערע ניט גאָר פאסיקע, עטװאָס קינסטלעכע געבױטע פראזעס:

1) אָ, װײ אונדז, (אָנשטאָט „װײ צו אונדז״).
1) О, горе нам (Из народа)

2) װערט שטיל! װערט שטיל! (בעסער װאָלט דאָ געװענ: „שאט! שאט“ אָדער „שטיל זאָל זײַנ״)
2) Молчать! Молчать!
Дьяк думный говорит.

3) כ'מאטער זיכ אונ קענ ניט, פרײַנט (בעסער: „גוטער ברודער״).
3) Я силюсь, брат, я не могу

אינ אלגעמײנ זײַנענ די סטיליזאציעס פונ „באָריס גאָדונאָװ״ איבערגעגעבנ געװאָרנ אינ ייִדיש דורכ ל. רעזניק זײער געלונגענ. ביכלאל איז די דאָזיקע איבער־זעצונג זײַנע אײנע פונ די געלונגענסטע אינ ייִדיש.

---

## „מײַסעלעכ״, איבערגעזעצט ע. פינינבערג [1]

באזונדערס רײַכ איז בא פושקינענ סטיליזירט די שפּראכ פונ זײַנע מײַסע־לעכ. קעדײ זײ זאָלנ איבערגעבנ דעם נאַיװנ אינהאלט אונ זאָלנ שמעקנ מיטנ טמימעסדיקנ אראָמאט פונ דער פאָלקס־מײַסע, דארפ אױכ זײער שפּראכ זײַנ א פּאָשעטע, אינגאנצנ א פאָלקסטימלעכע. פושקינ האָט עס געװוּסט אױסגעצײכנט אונ האָט סטיליזירט די שפּראכ פונ זײַנע מײַסעלעכ אינגאנצנ אינ גײַסט פונ דער פאָלקשפּראכ.

אינ פושקינס מײַסעלעכ װערט באדײַטנדיק פארברײטערט די סאָציאַלע באזע פונ דער ליטעראַרישער שפּראכ. דאָס װערט דערגרײכט דורכ דעם, װאָס פושקינ ברענגט ארײַנ אינ דער שפּראכ פונ די מײַסעלעכ די עלעמענטנ פונ פּראָסטע רײד, פונ האמױנישער פױערשער שפּראכ. דאָ האָט זיכ אנטפּלעקט די איבערקרײצונג פונ אומגאנגלעכער פאָלקשפּראכ מיט דער פּאָעטישער שפּראכ פונ דער דעמלטיקער פּריצישער ליטעראַטור [2].

---

[1]) דאָס „מײַסעלע מיט א פישער“ האָט איבערגעזעצט אױכ ל. רעזניק. די געבראכטע פּערזנ פונ ל. רעזניקס איבערזעצונג זײַנענ ספּעציעל באצײכנט: רעז.

[2]) געניױער װעגנ דעם זע: В. ГОФМАН—Язык Пушкина (Сб. „Стиль и язык Пушкина“. 1937. стр, 50—59.)
Е. ВАСИЛЕВСКАЯ—К характеристике языка сказок Пушкина. („Русский язык в школе“ VI за 1936 г.)

אפ איבערזוגעבנ אינ ייִדיש די סטיליזאציעס פונ די „מײַסעלעכ" דינענ פאר־שיידענע שפראכ־שטראָמענ אינ דער ייִדישער שפראכ.

ווי באמ סטיליזירנ די איבערזעצונג פונ „באָריס גאָדונאָוו", דינט, ערשטנס, אויכ דאָ די פארעלטערטע לעקסיק. אָבער אינ קעגנזאצ צו יענער ארכאיִק וואָס שאפט א הויכנ סטיל, אנ עמפאטיש־מאיעסטעטישנ אָדער פרומ־קלויסטערישנ קאָלאָריט פונ דער שפראכ,—האָבנ מיר דאָ, אינ די מײַסעלעכ, אזעלכע פארעלטערטע ווערטער אונ אויסדרוקנ, וואָס זײַנענ געבונדנ מיט שטייגער, מיט היימיש־געמיטלעכער אויסקומעניש, וועלכע זײַנענ צווישנ אלע זייערע סינאָנימענ אונ דובלעטנ די א מער מאָסנטימלעכע:

| | |
|---|---|
| 1) С ними—дядька Черномор (Салт.) [1]. | 1) מיט זיי דער גוואר |
| 2) Гуляй там себе на просторе (Рыб.). | 2) שפאציר זיכ דאָרט אפ גאָר דער ראכוועס. |
| 3) По нашему говорила рыбка (Рыб.). | 3) אפ אונדזער לאָשנ גערעדט האָט דאָס פישל. |
| 4) Насмешишь ты целое царство (Рыб.). | 4) דאָס גאנצע לאנד וועט פונ דיר כויזעק מאכנ. |
| 5) Но другому я навечно отдана (Мерт). | 5) נאָר פארקנאסט שוינ כ'בינ אפ שטענדיק. |

די דאָזיקע ארכאיִזמענ זײַנענ דאָ צומ אָרט, שאפנ דעמ פאָלקסטימלעכנ פאָנ פונ דער רייד אונ גיבנ אויכ איבער עקספרעסיע.

אינ די מײַסעלעכ האָט פושקינ ברייט אויסגענוצט די רײַכקײַטנ פונעמ רוסישנ פאָלקלאָר. וויל דער איבערזעצער איבערגעבנ אינ ייִדיש דעמ עקוויוואלענט פונ דער דאָזיקער סטיליזאציע, מוז ער אויכ אינ ייִדיש אויסזוכנ די געהעריקע פאָלקלאָר־עלעמענטנ.

א. אינ א גרויסער מאָס געפינט ער עס אינ דער אידיאָמאטיק:

| | |
|---|---|
| 1) Все равны как на подбор (Салт.). | 1) איינס אונ איינס. |
| 2) То на весь бы мир одна Наткала я полотна (Салт.) | 2) לײַוונט כ'וואָלט פאר קינד אונ קייט אָנגעוועבט אונ אָנגענייט. |
| 3) Жил был поп толоконный лоб (Балда) | 3) ס'האָט א גאלעכ געלעכט א קאָפ פונ יענע קעפ. |
| 4) Работает за семерых (Балда) | 4) ארבעט פאר זיבנ אירע. |
| 5) На чем свет стоит мужа ругает (Рыб.) | 5) אפ וואָס די וועלט שטייט דעמ מאנ זי זידלט (רעז.). |

[1]) קירצונגענ:
Сказка о царе Салтане... Салт.
Сказка о мертвой царевне и семи богатырях—Мерт.
Сказка о рыбаке и рыбке—Рыб.
Сказка о попе и о работнике его Балде—Балда.

אמאָל איז די יִדישע אידיִאָמאטיק אָנגעווענדעט ניט גאָר פּאסיק:

| | |
|---|---|
| 1) קוקט ער, זעט: בייזווּנדער טוט זיך | 1) Видит дело л и х.о (Салт.) |
| 2) זידלט דעם מאַן, שפּרינגט פון די קיילים | 2) На чем свет стоит мужа ругает (Рыб.) |
| 3) נאַר—„ס'ועט זיך שוין ווי ס'ניט איז טאָן א דריי" | 3) Да понадеялся на русский „авось" (Балда) |

„בייזווּנדער" פּאסט אהער ניט: דאָס דאָזיקע וואָרט אנטשפּרעכט אומגעפער דעם רוסישן "позорище„—„מע דארף גיין אפ זײַן בייזווּנדער", „שפּרינגט פון די קיילים" הייסט מאכן אומגעהײַערע אָנשטרענגונגען, אשטייגער, אפ צו דערווײַזן עפּעס אדג. („из кожи лезет вон"); דעם ספּעציפישן רוסישן „авось" איז, פארשטייט זיך, שווער איבערצוגעבן אין יִדיש מיט אן אידיִאָם, דארף מען עס איבערגעבן באשרײַבעריש, אָבער ניט אזוי קינסטלעך ווי דאָ (עפּשער: „מע וועט ווי ס'ניט איז אויסקומען" אָדער אויסנוצן עפּעס א פראזעאָלאָגישן אויסדריק מיטן וואָרט „באראָט").

און אָט איז א פאל, ווען ס'איז ניט גענוג אויסגענוצט די יִדישע אידיִאָמאטיק אפ צו דעקן דעם רוסישן אידיִאָם פונעם אָריגינאל:

| | |
|---|---|
| אזוי אָ קומט דיר, דו פינצטערער אלטער. | Поделом тебе, старый невежа (Рыб.). |

דאָ בעט זיך מאמעש דאָס פאָלקסטימלעכע, האגאם פארעלטערטע „א מיצווע אפ דיר", וואָס איז אינגאנצן אנאלאָגיש צום רוסישן „поделом".

ס'ווערן אויסגעפונען די אנאלאָגישע גלײַכווערטלעך:

| | |
|---|---|
| א) שטופּ זיך ניט אהין, וווּ מע דארף ניט | Не в свои сани не садись! (Рыб). |
| ב) זאָלסט ניט קריכן אהין, וווּ מע דארף ניט (רעז.). | |

ב. וולגאריזמען, שארפע פאָלקס־אויסדרוקן.

| | |
|---|---|
| 1) און ס'שטעכט זיי... קינע צו דעם קייסערס ווײַב. | 1) Изавидуют оне государевой жене (Салт.) |
| 2) דו שוטע איינער, אזא לעקעש (רעז.). | 2) Дурачина ты простофиля (Рыб.) |
| 3) ביסט באם זינען? (רעז.) | 3) Что ты баба, белены об'елась? (Рыб.) |

ג. אפ צו איבערגעבן די סטיליזאציע פון אינטימער פאָלקסטימלעכקײַט אין די „מײַסעלעך" דינט אויך די פארקלענער און צערטל־פאָרם באם אָנרופן א ריי פערסאָנאזשן און געגנשטאנדן: באָכערל, צימערל, טורעמל, קינדעלע, שוואַגעלע, העקעלע, טרונעלע, אָרנדל, קנישעלע, טײַכעלע, שכיינעלע אאוו.

אָבער ניט אלע פארקלענערונגענ און פארצערטלונגענ זײַנענ גענוצט ריכטיק. אײניקע פארקלענערונגענ זעצנ אינגאנצנ אראָפּ דאָס קינסטלערישע בילד, שאפנדיק אנ אײַנרײַס צװישנ דער פאָרשטעלונג װעגנ דעם געשילדערטנ געגנשטאנד מיט דער אױסבילדונג פונ זײַנ נאָמינאציע:

| | |
|---|---|
| 1) Ветер по морю гуляет | 1) װײט א װינט אפ יאם אפ טיפנ, |
| И кораблик подгоняет (Салт.) | טרײַבט דער װינט אינ יאם א שיפל. |

אינ רוסיש איז דיפערענצירט корабль און лодка, און דעריבער קענ מענ דאָ אױסבילדנ א פארקלענערונג: „кораблик“, אָבער אינ ייִדיש, װו פאר די בײדע געגנשטאנדנ איז פאראנ בלױז אײנ װאָרט, ברענגט די פארקלענערונג צו א פאלשנ טײַטש; כוץ אלעמענ, װערט מיט דער דאָזיקער פארקלענערונג ניט דערגרײכט דער סטיליסטישער עפעקט פונעם אָריגינאל־פערז: אינ דער פארקלענערונג кораблик איז אױסגעדריקט צערטלעכקײַט, און אינ דער פארקלענערונג „שיפל“—ניט.

| | |
|---|---|
| 2) Распроклятая ты мошка (Салт.) | 2) אכ, דו, קאָמער, אכ, דו, פליגל. |

„פליגל“ איז אינ ייִדיש ניט קײנ פארקלענערונג פונ „פליג“, נאָר באטײַט גאָר דעם פלי־מעכאניזם פונ א פײגל—крыло, און דעריבער טױג דאָ ניט די דאָזיקע פארקלענערונג, װאָרעם זי רופט ארױס גאָר אנדערע אסאָציאציעס—ניט די, װאָס דער איבערזעצער װיל.

| | |
|---|---|
| 3) Едет батюшка сюда (Салт.) | 3) ס׳פאָרט מײַנ פאָטערל אהער. |

„батюшка“, אינ אָט דעם קאָנטעקסט האָט אינ זיך דעם צערטל־ניואנס, װאָס הארמאָנירט אזױ מיטנ גאָרנ סטיל פונ די „מײַסעלעך“,—און די פארקלענערונג אינ ייִדיש באם װאָרט „פאָטער“—גיט אָט די צערטלעכקײַט ניט איבער, װאָרעם אינגאנצנ דאָס װאָרט פאסט אהער ניט. אהער װאָלט יאָ געפאסט: טאטעניו.

| | |
|---|---|
| 4) а. В чешуе, как жар горя, Тридцать три богатыря (Салт.) | 4) א. פלאמיק־אומגעהױערע דרײַסיק דרײַ גיבורימלעך... |
| б. С ними дядька Черномор (Салт.) | ב. מיט זײ—דער גװאר, ס׳פעטערל דער יאמענ־האר. |
| в. Иль башку с широких плеч у татарина отсечь (Мерт.) | ג. בא א טאָטער האקט מענ אָפּ פונ די אקסעלעך דעם קאָפּ. |
| г. Братья молча постояли, Да в затылке почесали (Мерт.) | ד. זײַנענ ברידער שטײנ געבליבנ, ס׳נאקנדל א קראצ געגעבנ. |

אינ קיינ איינעמ פונ די דאָזיקע ביישפּילנ בא פושקינענ איז ניטאָ קיינ פארקלענערונג, אונ ס'איז גאנצ קלאָר פארוואָס: ווי פאסט עס פאר געגנשטאנדנ, וואָס אויס דער נאטור זיינענ זיי פיזיש גרויס, מעכטיק,—אזעלכע פארקלענערונגענ? א כאפּ אביסל: богатыри אונ—גיבוירימלעכ, широкие плечи אונ—אקסעלעכ!

ניט צומ אָרט איז אויכ די פארקלענערונג־פאָרמע פונ „מייסע“ אינעמ נאָמענ פונעמ ביכל—„מייסעלעכ“: אפ יידיש איז מאסנטימלעכער אונ אויכ אדעקוואטער פאר „сказка“—א מייסע. כאראקטעריסטיש,—יעדע מייסע באזונדער ווערט אינ דער איבערזעצונג ניט פארקלענערט אינ דער אויסבילדונג: א מ י י ס ע מיטנ קייסער“... אאוו.

דאָס אלצ איז סטיליזאציעס, וואָס זיינענ פאראנ אינ אָריגינאל, אונ דער איבערזעצער האָט, געלונגענ צי ניט־געלונגענ, אויסגעזוכט פאר זיי יידישע אנטשפּרעכערס.

אָבער כוץ די דאָזיקע, טרעפנ מיר אינ די איבערזעצונגענ א ריי סטיליזיר־מאָמענטנ פ ו נ ע מ א י ב ע ר ז ע צ ע ר ג ו פ ע—אָריגינעלע, פאר יידיש אייגנטימלעכע שפּראכ־מאנירנ, וואָס העלפנ מיט צו איבערגעבנ דעמ אלגעמיינעמ קאָלאָריט פונ פאָלקסטימלעכקייט אינ די פושקינ־מייסעלעכ:

## פאָלקסטימלעכע אפיקסירונג

א) אומגאנגלעכע, אָנשטאָט ליטעראַרישער סופיקסאציע: „ס'ווילט זיכ מיר זיינ א פרייע קייסערינ'ע (Рыб.)‚ „פונ א גרויסער גאזלאָוואָ'ע. (Мерт.) צו די סעמיטיזמענ „קייסער“, „גאזלענ“ זיינענ צוגעגעבנ פאָלקסטימלעכ־סלאווישע סופיקסנ „־יניע“ אונ „־וואָיע“.

ב) „פּאראזיטישע“ ענדונג-עט: „אפּ דער שיפּ איז ער אוועקעט“, „האר סאלטאנ די געסט זעצט אויסעט“ (Салт.)‚ שיילט דער גאלעכ אָפּעט (Балда) „קומט ארויסעט“... (Мерт.).

ג. פ א ר ע ל ט ע ר ט ע ר פ ע ר י פ ר א ס ט י ש ע ר „טו“, וואָס איז פארבליבנ אינ דער פאָלקשפּראכ: „העגט די וועבערנ טוט ברעכנ“, „ס'טוט אזוי דער מאזל שפּילנ“, „טוט דאָרטנ א וועחריק שפּאנענ“ (Салт.)‚ טו דיינ פלייס אונ דיינ בעריעשאפט באווייזנ (Салт.)‚ „שטיל אונ מילד אונ טוט זיכ שעמענ“, „מיט די אויגנ טוט זי וויינענ“ (Мерт.) אאוו.

ד. א י נ ו ו ע ר ס י ע פ ו נ ע מ פּ אָ ס ע ס י ו ו נ פּ ר אָ נ אָ מ אונ פ ו נ ע מ א ד י ע ק ט י ו „ש י י נ“ מיט אנ אָפּגעהאקטנ סופיקס: „זענ כ'וויל דעמ פאָטער דיינ“, „צו דער קייסעריניע שיינ (Салт.); רויק זיי, נעשאָמע מיינ“, „נאָכ דער קאלעניו נאָכ זיינ“ (Мерт.).

אפילע אינ די נעמענ פונ די „מייסעלעכ“ האָבנ מיר סטיליזאציע אפּנ פאָלקסטימלעכנ שנימ: „א מייסע מיטנ קייסער סאלטאנ“, „א מייסע, מיט א גאלעכ“, „א מייסע מיט א פישער“ אאוו.

# רעליגיזמענ

אינ די סטיליזאציעס פונ די „מײַסעלעכ״ װעלנ מיר ספּעציעל אױסשטעלנ די איבערזעצונגענ פונ רעליגיזמענ, װאָרעם דאָס איז זײער א װיכטיקער סטיליזירקאָמפּאָנענט, װעלכנ מע דארפ ספעציעל ארומרײדנ.

אינ די פאָלקס־מײַסעס, װאָס זײער האנדלונג באציט זיכ צום גרײַזגראָװנ אליטערטום, װענ דאָס גאנצע לעבנ אונ דער גאָרער לעבנ־שטײגער זײַנענ געװענ דורכגעדרונגענ מיט רעליגיע אונ אבערגלױבנ,—מוז דער רעליגיעזער מאָמענט, נאטירלעכ, פארנעמענ אנ אָנזיכטיקנ אָרט. די פראָזיקע עלעמענטנ פונ אלטנ באװוסטזײַנ זײַנענ באזונדערס אײַנגעפונדעװעט אינ דער פראזעאָלאָגיע, אינ דער אידיאָמאטיק.

באם סטיליזירנ די שפּראכ פונ די פאָלקס־מײַסעס האָט פּושקינ אױסגענוצט אױכ די לעקסיק אונ פ־אזעאָלאָגיע, װאָס איז געבונדנ מיט גאָט, גאָטהײַט אונ רעליגיעזנ פרומקריסטלעכנ שטײגער.

װיאזױ דארפ דער יִדיש־איבערזעצער זיכ באגײנ מיט דער דאָזיקער לעקסיק? דער צוגאנג דארפ דאָ זײַנ א גאנצ דיפערענצירטער. אינגאנצנ איגנאָרירנ די דאָזיקע באגריפנ קענ מענ ניט,—דאָס װאָלט געהײסנ ניט איבערגעבנ אינ יִדיש אײנעם פונ די װיכטיקסטע סטיליזיר־מאָמענטנ פונ פּושקינס „מײַסעלעכ״, אזױ אז געװיסע קאטעגאָריעס רעליגיזמענ דארפ מענ איבערגעבנ. װעלכע זײַנענ זײ, אָט די קאטעגאָריעס?

ערשטנס,—אזעלכע, װאָס זײַנענ געבונדנ מיט דער עצעם האנדלונג:

| | |
|---|---|
| צײלעם־שנור ארופגעצױגנ | Со креста шнурок шолковый (Салт.) |

צװײטנס,—אזעלכע, װעלכע גיבנ איבער דעם ספּעציפישנ פײזאזש פונעם געשילדערטנ. פונ אָט דעם שטאנדפּונקט איז ניט ריכטיק אױסגעמיטנ דער רעליגיזם באם איבערזעצנ פאָלגנדיקע סטראָפע:

| | |
|---|---|
| שײַנענ טורעמס אָנ א שיר,<br>דאכ מיט גינגאָלד שעמערירט. | Блещут маковки церквей<br>И святых монастырей (Салт.) |

דריטנס,—די מער „אוניװערסאלע״ קאטעגאָריע רעליגיזמענ, װאָס זײַנענ שײַעכ ניט דאפקע צו דער ספּעציפיש־פּראװאָסלאװנער רעליגיע, נאָר בּיכלאל צו גאָט אונ געטלעכקײַט, צו אבערגלױבנס, צו אלטפערנקישנ רעליגיעזנ שטײגער, אומאָפּהענגיק פונ א באשטימטער רעליגיע:

| | |
|---|---|
| 1) ס'װעט דער אײבערשטער פארגעסנ? | 1) Бог неужто их покинул? (Салт.) |
| 2) זאָל דער אײבערשטער דיר שיקנ | 2) Ай-да лебедь—дай ей боже (Салт.) |
| 3) גאָט דיר אלדעס גוטס פארשאפט. | 3) Бог тебя благослови (Салт.) |

ס'איז נ י ט בארעכטיקט דאָס אויסמײַדנ רעליגיזמענ באמ איבערזעצנ פאָלגנדיקע אויסדרוקנ:

| | |
|---|---|
| 1) גרויס דער זונ איז אנ ארשינ. | 1) Сына богим дал в аршин (Салт.) |
| 2) זאָל אײַך, קינדער, זײַנ מיט גליק. | 2) Бог вас, дети, наградит (Салт.) |
| 3) ס'זי א טעכטערל געבראכט. | 3) Бог дает царице дочь (Мерт.) |
| 4) נאָר אזועלכעס דאָכ מע קענ ניט,<br>איז די קריג פונ אונדז פארטרײַב. | 4) Да нельзя, так ради бога,<br>Помири нас как-нибудь (Мерт.) |

ס'איז ניט ריכטיק צו ניוועלירנ די רעליגיזמענ אינ אזעלכע איבערזעצונגענ:

| | |
|---|---|
| 1) אונ דער נאָכדעמ מיט גע־<br>ב ע ט<br>אופגעהויבנ מ'האָט די ליבע. | 1) И с молитвою святой<br>С лавки подняли, одели... (Мерт.) |
| 2) פרינצ בארימטער יעליסײ<br>לאָזט זיכ גײנ אינ װײַטע װעגנ. | 2) Королевич Елисей,<br>Помолясь усердно богу... (Мерт.) |
| 3) דאנ באקלאָגט מענ אפ א קאָל זי. | 3) Совершив обряд печальный (Мерт.) |

ס'איז ניט שלעכט, אז דעמ איבערזעצער גיט זיכ אײַנ אויסצומײַדנ א דירעקטנ רעליגיזמ אונ פארבײַטנ אזעלכע רעליגיעז־שטײַגערישע אויסדרוקנ װאָס זײַנענ אינ טאָכ פראזעאָלאָגיש, מיט אנטשפרעכיקע ייִדישע שטײַגעריש־פראזעאָלאָגישע אויס־דרוקנ—אָבער נייטראלע, ניט־רעליגיעזע.—אבי זיי גיבנ איבער דעמ עקוויוואלענס פונעמ אָריגינאל־אויסדרוק:

| | |
|---|---|
| 1) כ'זאָל ניט רירנ זיכ פונ אָרט,<br>אויב איכ לײַג אײַכ... | 1) Коли лгу, пусть бог велит... (Мерт.) |
| 2) גיי געזונטערהייט, פישעלע גילדנס! | 2) Бог с тобою, золотая рыбка (Рыб) |
| 3) ערעװ יאָנטעװ טיפ באנאכט. | 3) Вот в сочельник в самый, в ночь (Мерт.) |

אָבער ניט אלע איבערזעצונגענ מיט אזעלכע ריכטיק־אויסגעמיטענע רעליגיזמענ גיבנ אָנ דעמ נאטירלעכנ מאסנטימלעכנ ייִדישנ אויסדרוק:

| | |
|---|---|
| 1) גיי מיט פרידנ (אנשטאָט: גיי גע־<br>זונט) | 1) Ступай себе с богом (Рыб.) |
| 2) העלער פונ דער זונ דער הויכער<br>(דאָ פאסט בעסער: דער ליכטיקער) | 2) Днем свет божий затмевает (Салт.) |

ס'איז גאנצ ריכטיק, װאָס ס'זײַנען ניט איבערגעגעבנ אינ ייִדיש אזעלכע רעלי־גיזמענ, װאָס זײַנען ספּעציפיש פאר דער פּראװאָסלאװנער קירכ און װאָלטנ אינ ייִדיש געקלונגענ פרעמד:

| | |
|---|---|
| 1) Мать с иконой чудотворной | 1) נעמט זי גיסנ מאמע־טרערנ, |
| Слезы льет и говорит (Салт.) | בענטשט זי זײ מיט מאמע־בליק. |
| 2) К ним народ навстречу валит, | 2) אונ מע רימט זײ אפ א קאָל, |
| Хо́р церковный бога хвалит (Салт.) | אונ מע לויבט זײ אונ מע װיטעט. |
| 3) Восхищенья не снесла<br>И к обедне умерла (Мерт.) | 3) אונ אינ פרײדנ זיכ פארגאנ,<br>צו פארנאכט צו אויסגעגאנ. |
| 4) Засветила богу свечку, | 4) אויסגעקערט דאָס שטיבל זױבער |
| Затопила жарко печку (Мерт.) | אונ האָט אײַנגעהײצט דעם אויװנ. |

די דאָזיקע גאנצע רעפּראָדוצירונג פונ דער סטיליזאציע פונ פּושקינס „מײַסעלעכ“ אינ דער איבערזעצונג װערט אָבער אינ א גרויסער מאָס צעשטערט איבער דער היפשער צאָל װערטער אונ אויסדרוקנ אונ זאצ־קאָנסטרוקציעס, װאָס סײַ אנ אונ פאר זיכ זײַנען זײ קינסטלעכ, האמעטנע, שװער, סײַ אינ קאָנטעקסט פאסנ זײ זיכ אבסאָליוט ניט אײַנ. מערסטנטײל איז עס געטאָנ צוליב גראם, צוליב ריטם, אמאָל אָנ שום אָנזיכטיקער סיבע.

באנאנד מיט פּאָזיטיװע אופטועג װאָס זײַנען דאָ אנאליזירט, האָבנ מיר אופגעדעקט אויכ א רײ פעלערנ לויט די באזונדערע שפּראכ־סטיליסטישע קאטעגאָריעס. מיר װעלנ נאָכ ברענגענ עטלעכע איליוסטראציעס פונ גאנצע סטראָפעס װי זײ זעענ אויס אנ אונ פאר זיכ, אָנ א דעטאלנ אנאליז, בלויז מיט אנ אלגעמײנער כאראקטעריסטיק.

אָט זײַנען בלויז געצײלטע בײַשפּילנ פונ יעדנ איבערגעזעצטנ מײַסעלע.

## פונ „א מײַסע מיטנ קײסער סאלטאנ“

| | |
|---|---|
| 1) И царица над ребенком | 1) ציטערט מוטער אומגעהײַער, |
| Как орлица над орленком. | היט איר אָדלערל איר טײַערס. |
| | ניט זי ציטערט, נאָר—ציטערט איבער איר קינד. |
| 2) Дуб зеленый над холмом | 2) אונ א דעמב אפ בערגל שטומט. |
| | װאָס גיט צו צו דער שילדערונג אָט די „שטומע“ פּערזאָניפיצירונג? |

| | |
|---|---|
| 3) а. И славный город твой хранить, И дозором обходить, | 3) א. שטענדיק זאָל די העלדנ־ראָד אָפּהיטנ דײַנ שײנע שטאָט. |
| б. Остров на море лежит, Град на острове стоит. | ב. אינדערמיטנ ועלנ־זאָט אפ א אינדזל שטײט א שטאָט. |
| г. Князь пошел, забывши горе. | ג. שפּאַנט דער פירשט א העל־דערפרײטער. |

דאָ זײַנען קינסטלעכ־אויסגעבילדעטע קאָמפּאָזיטנ, זײ זײַנען צו „אָריגינעל“ אונ ווידערשפּרעכנ—נאָכאמאָל טאקע!—דער פרימיטיווקײַט־סטיליזאציע בא פּושקינען. [1])

## פונ „א מײַסעלע מיט א גאלעכ“

| | |
|---|---|
| 1) Идет, сам не зная куда | 1) קומט אים אקעגנ (מיסטאמע—אנטקעגנ?) באלדא |

שפּאַנט זיכ פראנק אונ פרײַער אזא.

ניט דאָ איז דאָס אָרט צו מאָדיפיצירנ דעם אדווערבישנ אידיאָם „פראנק אונ פרײַ“ אינ אנ אדיעקטיווישנ, אונ דער „אזא“, מיט אינווערסיע דערצו, איז דאָ אויכ ניט אָנגעמאָסטנ,—אונ אלצ צוליב וואָס?—צוליב א שלעכטנ גראַם („באלדא“—„אזא“)!..

| | |
|---|---|
| 2) Нужен мне работник— | 2) כ'דארפ האָבנ אנ ארבעטער אנ עכטנ, |
| Повар, конюх и плотник | א טעסלער, א שטאל־היטער אונ א קעכער. |

דאָס וואָרט „עכטנ“ (צוליבנ סאָפעקדיקנ גראַם „קעכער“) איז צו ליטעראריש פארנ פאָלקסטימלעכנ סטיל פונ די מײַסעלעכ, אויכ דער „שטאלהיטער“ איז אביסל געקינצלט.

| | |
|---|---|
| 3) Спит себе на соломе | 3) שלאָפט אפ שטרויענער אינ די שטאלנ |

א טערמינארטיקע (אי דאָס ניט קײנ ריכטיקע) אויסבילדונג, וואָס פּאסט אהער ניט.

## פונ „א מײַסע מיט א טויטער פרינצעסנ“

| | |
|---|---|
| 1) Елисей, не унывая, | 1) יעליסײ, פונ ווײ באפרײַט דאנ, |
| К ветру кинулся, взывая | גיט זיכ צו דעמ ווינט א שלײַדער. |

---

[1]) אגעוו, מיט אזעלכע קינסטלעכע קאָמפּאָזיטנ שווימלט אונ גרימלט אינ אלע איבערזעצונגענ (פיניבערגס) פונ די „מײַסעלעכ“: טרויער־אויגנ, פלאמיק־אומגעהויערע, יאמענ־וועל, יאמענ־ברויז, ווילד־צעפלויגנ, ווײנענ־ברויז, מיזרעכ־שטרעקעס, האמוינים־רויש אאו. אדגל.

צוליב אזא אָנגעצויגענעם, קאָמפּליצירטן אסאָנאנס (אנשטאָט פּושקינס זויבערן פּאַשעטן גראם) באגייט דער איבערזעצער אן אוולע קעגן דער סטיליזירטער פּאַש־טעס, ניט רעכענענדיק זיך דערבײַ אויך מיט אנדערע מאָמענטן (ווילקלאַנג: באפרײַ׳ט ד א נ), איבעריקע אינווערסיע, איבערגעטריבענער בילדערישקײַט („גיט זיך צו דעם ווינט א שלײַדער"—ביז גאָר קינסטלעך און גרילצנדיק).

| | |
|---|---|
| 2) Тут ее тоска взяла, | 2) צאָרן־ווייטעק זי פאַדארבט, |
| И царица умерла (Мерт.) | פאלט די קייסערן און שטארבט. |

דאָ איז קינסטלעך און האמעטנע פון אָנהײב ביזן סאָף: דער גענמעלאָכעטער צונויפזאַץ „צאָרן־ווייטעק", דער צווײדײַטיקער ווערטער־סיידער, די מאָדנע סופיק־סאציע „קייסערן".

אויב ארויסלאָזן פון אויג די ספּעציפישע סטיל־אופגאבעס, וואָס ס'האָט פאר זיך געשטעלט און געלייזט פּושקין אין די דאָזיקע מײַסעלעך האָט פיניבערג זיי איבערגעזעצט גאנץ קולטורעל. ער האָט דאָ אנטפּלעקט אסאך דערפינדערישקײַט אין וואָרטבוי, אינעם צוזוכן דאָס פּאַסיקע וואָרט אפ איבערצוגעבן די קוועלנדיקע דינאמישקײַט פון פּושקינס שפּראך אאוו. אָבער דעם ספּעציפישן סטיל פון די דאָזיקע מײַסעלעך, זייער פּראָסטקײַט און פאָלקסטימלעכקײַט—און דאָס איז דער איקער!—האָט פיניבערג אין גרונט ניט איבערגעגעבן. ער האָט אבסאָליוט איגנאָרירט דעם דאָזיקן וויכטיקסטן עלעמענט פון פּושקינס מײַסעלעך. ס'באקומט זיך בא אים זייער א קאָמפּליצירטע, געקינצלטע שפּראך, וועלכע האָט קיין שום געמיינזאמס ניט מיט דער צוגעגלעכער רייד־שפּראך, און דאָס האָט געמאכט די איבערזעצונג פון פּוש־קינס מײַסעלעך פאר ניט געלונגען, ניט געקוקט אפ די אויבנדערמאנטע מײַלעס פון דער איבערזעצונג און אויך אפ דער היפשער צאָל געלונגענע סטיליזאציעס.

## „רוסאלקע", איבערגעזעצט ד. האָפּשטיין

מיר וועלן נאָך פאנאנדערקלײַבן די סטיליזאציעס פון א פּאָר ערטער אין ד. האָפּשטיינס איבערזעצונג.

| | |
|---|---|
| 1) Ох, то-то все вы, девки молодые. | 1) אָך, אָט אזעלכע זײַנט איר, יונגע מיידלעך. |
| Все глупы вы. Уж если подвернулся | פארנארישט אלע זײַנט איר. טרעפט זיך ווען |
| К вам человек завидный, не простой, | א מענטש א פײַנער, ניט קיין פּראָס־טער, |
| Так должно вам его себе упрочить. | וואָלט איר צו זיך אים צובינדן באַ־דארפט |
| А чем? разумным, честным поведеньем | מיט וואָס? מיט קלוגן, ערלעכן באַ־גיין זיך |
| Заманивать то строгостью, то лаской | מיט שטרענגקײַט און מיט גוטן אים פארנארן, |

| | |
|---|---|
| Порою исподволь обиняком | אים אָנצוהערענישן ווײַטע געבן |
| О свадьбе заговаривать... | וועגן כאסענע ארײַנוואַרפן א וואָרט... |
| — Да нет. Куда | ...נאָר ניינו! ווי קומט צו אײַך |
| Вам помышлять о добром деле. | א רעכטע זאכ באטראכטנ! פאסט עס דענ? |
| Готовы целый день висеть на шее | זײַנט גרייט דעם גאנצנ טאָג אפנ האלדז צו הענגענ |
| У милого дружка—а милый друг | בא דעם געליבטנ, אונ דער ליבינ־קער |
| Глядь и пропал, и след его простыл: а вы | פארשווינד גאָר אָנ א זײַ געזונט, אונ איר |
| Осталися ни с чем: ох, все вы глупы. | פארבלײַבט בא גאָרניט. אכ, נאראָנים זײַט איר! |

דאָ איבעראשט קוידעמקאָל די מאקסימאלע לעקסישע אונ סינטאקסישע נאָענטקײַט צום אָריגינאל. ס'איז דאָכ דאָ אפילע פארהיט דער א. ג. אנזשאמבאמאנ פונעם אָריגינאל. די גענויקײַט אונ נאטירלעכקײַט פונ דעם דאָזיקנ איבערגעזעצטנ פראג־מענט הויזט דאָ אינגאנצנ מיט דער סטיליזאציע. דאָ האָבנ מיר דעם רייד־קאָלאָריט פונעם פאָלקס־מענטש, דעם מילנער: א ריי לעקסיש־סעמאנטישע קאטעגאָריעס—מאסנ־טימלעכע ווערטער אונ אידיאָמענ („אָנצוהערעניש", „ארײַנוואַרפנ א וואָרט", „זיכ הענגענ אפנ האלדז", „בלײַבנ בא גאָרנישט" א. ד. גל.) אונ אייניקע עמאָציאָנעלע סינטאקסיש־סטיליסטישע מאנירנ (אויסרופ, ריטאָרישע פראגע, בא א גאנצ רויִקנ מאָנאָלאָג).

| | |
|---|---|
| 2) Сватушка, сватушка, | 2) שאדכנדל, באדכנדל, |
| Бестолковый сватушка. | נארישער שאדכנדל! |
| По невесту ехали, | צו דער קאלע פאָרנדיק, |
| В огород заехали, | פאָרט ארײַנ אינ גאָרטנ גאָר. |
| Пива бочку пролили, | ביר א פאס צעגאָסנ שוינ, |
| Всю капусту полили, | אונ די קרויט באגאָסנ שוינ. |
| Тыну поклонилися, | זיכ געבוקט צום פלויטעלע, |
| Верее молилися. | בא ווערייענ בעטנדיק: |
| Верея-ль, вереюшка, | ווערייע, ווערייעלע. |
| Укажи дороженьку | ווײַז אונדז דו א שטעגעלע |
| По невесту ехати. | צו דער קאלע צופאָרנ. |
| Сватушка, догадайся, | שטויס זיכ אָנ שוינ, שאדכנדל, |
| За мошоночку принимайся; | נעם זיכ פאר דעם טײַסטערל, |
| В мошне денежка шевелится | אינ טײַסטער קלינגט דאָס געלט דאָכ |
| К красным девицам норовится. | די שיינע מיידעלע געפעלט עס. |

מיר האָבנ דאָ א ריי סטיליזיר־מיטלענ, סײַ לעקסישע, סײַ ריטמיש־סינטאקסישע, וואָס, צוזאמענ גענומענ, שאפנ זיי דעמ קאָלאָריט פונ א פאָלקס־ליד, פונ א טיפּי־שער רוסישער קאראהאָד־ליד (хороводная песня).

פארנ איבערזעצער איז דאָ געשטאנענ די אופגאבע, אינ ענד־ציל, איבערגעבנ דעמ דאָזיקנ קאָלאָריט. געוווּנטשנ—ווײַט מעגלעכ מיט די זעלבע מיטלענ, וואָס דער אָריגינאל. דער ענד־ציל, ווי מע קענ גלײַכ זענ נאָכנ איבערלייענענ די גאנצע ליד, איז דערגרייכט: דער קאָלאָריט פונ א פאָלקס־פרימיטיוו איז געשאפנ געוואָרנ.

וועלכע זײַנענ זיי, די קאָנקרעטע סטיליסטישע מיטלענ, מיט וועלכע דאָס איז דערגרייכט געוואָרנ?

א. פארקלענערונגענ—צערטלונג: שאדכנדל, פלויטעלע, שטעגעלע, ווערייעלע א. אז. וו. ס׳מאכט ניט אויס, וואָס ניט פונקט אלע פארצערטלונגענ פונעמ אָריגינאל זײַנענ איבערגעגעבנ אינ דער איבערזעצונג, אונ פארקערט, וואָס אינ דער איבערזעצונג איז פאראנ אייניקע פארצערטלונגענ, וואָס זײַנענ ניטאָ אינ אָריגינאל,—אבי דער אלגעמיינער אײַנדרוק פונ פארצערטלונג איז געשאפנ.

ב. איבערכאזערונג: שאדכנדל, שאדכנדל; ווערייע, ווערייעלע.

ג. דער אייגנארטיקער שפּילעוודיקער ריטמ, וואָס לייגט זיכ ניט ארײַנ אינ דער טראדיציאָנעלער סילאביש־טאָנישער סיסטעמ.

ד. די דאקטילישע ענדונג (מיטנ אקצענט אפנ דריטנ טראָפּ פונ סאָפ): פאָרנדיק, שטעגעלע, טײַסטערל א. ד. גל. איבער דער זעלטנקײַט פונ ווער־טער אינ ייִדיש מיט אזא אקצענטירונג, קומט אויס דעמ איבערזעצער אָפט אָנצוקו־מענ צו ווערטער־פּ?רנ: גאָרטנ נאָר, צעגאָסנ שוינ, דאָס צווייטע וואָרט איז געוויינ־לעכ ניט פולווערטיק אונ מאכט לויזער דעמ פערז. גראָד דאָ, בא דער סטיליזאציע פונ א פאָלקס־ליד, מאכט אזא שיטערקײַט ניט אויס.

גאָר אנדערש איז געבויט—אונ איבערגעזעצט—דער באוווסטער מאָנאָלאָג פונעמ פירשט:

(3 ניט גערנ צו די טרויעריקע ברעגנ  
מיכ ציט אנ אומבאוווסטע גרויסע קראפט,  
אונ אלצ דערמאָנט מיר ווידער, וואָס געווענ איז  
דערמאָנט מיר פונ מײַנ פרײַער, שיינער יוגנט  
די טײַערע, נאָר טרויעריקע נאכריכט.

דאָ האָט אמאָל די ליבע מיכ באגעגנט  
די פרײַע, הייסע זידנדיקע ליבע.

3) Невольно к этим грустным берегам  
Меня влечет неведомая сила.  
Все здесь напоминает мне былое  
И вольной красной юности моей  
Любимую, хоть горестную повесть.  
Здесь некогда любовь моя встречала  
Свободная, кипящая любовь,

| | |
|---|---|
| געווענ כ'בינ גליקלעכ, אומזיניקער מענטש! | Я счастлив был, безумец... и я мог |
| כ'האָב לײַכטזיניק זיכ אָפּגעזאָגט פונ גליק. | Так ветренно от счастья отказаться. |

א מינ קאָנטראסט איז פאראנ צווישנ די פריִער געבראכטע פראגמענטנ אונ דעם מאָנאָלאָג פונעם פירשט, ניט בלויז אינ אינהאלט, נאָר אויכ—אנטשפרעכיק צום אינ־האלט—אינ סטיל. דאָ רעדט שוינ ניט דער פאָלקס־מענטש, נאָר אנ אריסטאָקראט. די שפראכ איז דאָ א מער אָנגעזעטיקטע מיט אבסטראקטע עפּיטעטנ אונ געגנ־שטאנדנ: טרויעריקע, אומבאוווסטע, נאכריכט, אומזיניקער, לײַכטזיניקער א. אז. וו. דער ריטמ איז דאָ א שטרענגער—א פינפפוסיקער יאמב. דער פערז איז א קאָנדענ־סירטער אונ הארמאָנירט מיטנ עלעגישנ אינהאלט פונעם מאָנאָלאָג. דער איבערזעצער רעפּראָדוצירט אינ ייִדיש די אלע מאָמענטנ.

אגעוו, אונדז דוכט זיכ פאר ניט ריכטיק איבערצוזעצנ דאָס וואָרט „невольно“ אינ אָט דעמ קאָנטעקסט מיט „ניט געוױנ“. „ניט גערנ“ פאסט פאר „неохотно“ א זאכ, וואָס מע טוט כאָטש מיט ווייניק כיישעק אָבער באוווסטזיניק. אינ אָריגי־נאל מיינט מענ—ניט־ווילנדיק, אומגערנ.

---

האָפּשטיינס איבערזעצונגענ פונ פושקינענ זײַנענ פונ די געלונגענסטע. גראָד האָט ער איבערגעזעצט אזעלכע ווערק, ווו ספּעציעלע סטיליזאציעס איז פאראנ ווייניק. אָבער אפילע די געציילטע בײַשפּילנ פונ אזעלכע סטיליזאציעס באווײַזנ די גרויסע מײַסטערשאפט פונ האָפּשטיינענ אויכ אלס איבערזעצער.

---

אונדזערע דיכטער־איבערזעצער האָבנ ארויסגעוויזנ אסאכ פלײַס, וויסנ אונ טא־לאנט אפּ צו איבערגעבנ אינ ייִדיש די סטיליזירטע ערטער פונעם געניאלנ רוסישנ פּאָעט. זיי האָבנ צוליב דעמ ארויסגעהייבנ אלע פּאָטענצנ פונ דער ייִדישער שפראכ. זיי האָבנ אינ א געוויסער מאָס אויכ באפרוכפּערט די ייִדישע שפראכ מיט נײַע אויסדריק־מיטלענ, וואָס וועלנ, אזוי ארומ, באקומענ בירגער־רעכט אינ דער ליטע־ראטור. פעלערנ אונ בלאָנדזעניש זײַנענ דאָ אומפארמײַדלעכ—צו שווער איז די אופּ־גאבע!—אָבער אויכ דאָס איז פּראָדוקטיוו, אויב עס העלפט מיט אויסצוקלאָרנ דאָס ריכטיקע, דאָס פּאסיקע אינעמ ארסענאל שפראכ־ אונ סטיל־מיטלענ, וואָס מיט זייער הילפ ווערנ ארײַנגעבראכט אינ דער ייִדישער ליטעראטור די גרויסע אלמענטשלעכע קולטור־ווערטנ.

---

רעדקאָלעגיע.

דרוקעריי א. נ. סטאלינ. באשטעלונג נומ. 661 גלאווליט 418.

# שאָלעם-אַלייכעם—אַלע ווערק

אין צוזאמענהאנג מיטן 80-יאָריקן געבורטס-טאָג פונעם גרויסן ייִדישן פאָלקס-שרײַבער **שאָלעם-אַלייכעם** גיט ארויס דער מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"

## די ערשטע פולע אויסגאבע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק.

אין דער דאָזיקער יובילײ־אויסגאבע וועלן ארײַנגיין פיל ווערק זײַנע, וואָס זײַנען קיינמאָל ניט דערשינען אין קיין בוך־פאָרם און זײַנען דעריבער אינגאנצן ניט באקאנט דעם ברייטן לייענער. עס וועלן אויך ארײַן אין דער דאָזיקער אויסגאבע שאָלעם־אַלייכעמס קריטיש־פובליציסטישע ארבעטן און 2 בענדער בריוו זײַנע.

די אויסגאבע באשטייט פון 32 בענדער. אין די דאָזיקע 32 בענדער גייט אויך ארײַן שאָלעם־אַלייכעמס ביִאָגראפיע און א באנד פאָרשונגען וועגן שאָלעם־אַלייכעמען.

די אויסגאבע וועט זײַן קינסטלעריש אויסגעפורעמט, געדרוקט אף גוט פאפיר, אין א לעדערינענעם אײַנבונד.

די בענדער פון שאָלעם־אַלייכעמס אַלע ווערק וועלן דערשינען לויט דער אָרדענונג פון זייער נומעראציע אין משך פון די יאָרן 1939—1941.

די אויסגאבע ווערט פארשפרייט נאָר לויט אן אבאָנעמענט.

### אבאָנעמענט־באדינגונגען

דער פרײַז פון יעדן באנד איז 7 רובל 50 קאָפּ., פונעם גאנצן קאָמפּלעקט—240 רובל. באם אבאָנירן זיך דארף מען געבן אן אדערוף 7 ר. 50 ק., וועלכער ווערט פארעכנט באם ארויסגעבן דעם לעצטן באנד. די פּאָסט־הויצאָעס זײַנען אפן כעזשבן פונעם אבאָנענט.

### אבאָנירן זיך קאָן מען

אין אַלע מאגאזינען, קיִאָסקן, ביבקאָלעקטאָרן און אין די אבאָנעמענט־אָפּטיילן פון די אָפּטיילונגען פון דער בוכהענדלערישער פאראייניקונג פון די מעלוכע־פארלאגן—„קאָגיז", ווי אויך דירעקט אין דער הויפּט־קאָנטאָר פון די אבאָנעמענט־ און פעריִאָדיק־אויסגאבן פון „קאָגיז"—מאָסקווע, „מאראָסייקע, 7.

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

**Літаратурна-мастацкі**
**і палітычна-навуковы**
**часопіс**

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.